# גערזאמעלטע שריפטען

.:. פון .:.

## יוסף גודמאן

(חיים טשערנאוו)



ארויסגעגעבען פון
„קונסט און ליטעראטור
געזעלשאפט"
וויניפעג, קענעדא.
1919

**פיפלס פרינטינג קא., לימיטעד**

982 מיין סטריט

וויניפעג, מאנ.





## סאנקטום סאנקטאריום



עס האָט ווען באגייסטערט געשאפט
מיין פעדער איז קדשי קדשים
באהערשט האָט עס מיינע געפילען
קיינמאָל ניט געוועזען פארשקלאפט.

# אנשטאט א פארווארט

---

געדריקט פון יאוש און גלות:—
פון קרעכץ פון אונזערע ברידער.
דאס וועה דער יאמער און עלענד
זיי האבען באאיינפלוסט די ליעדער.

מיין פעדער זי האט אייך געגעבען
דאס בעסטע וואס איך האב פארמאגט.
עס האט געטריי דעם עלענד,
פון אידישען לעבען, באקלאגט...!

און דאך איז פארבליבען א וועה־קוואל,
פון יאמער, פון וועהטאג און שמארץ: —
די פעדער צו שוואך איז געוועזען
און האט עס געלאזען אין הארץ...!

איך האף נאך אמאל אלס א בירגער
דארט אין דאס ניי־לאנד פון איד,
פון שלום, און אחדות, און פריידען
אייך זינגען פון פרייהייט א ליעד!...



# דער קרוינפרינץ פון יהודה

(א לעגענדע)

)מיט דאנק ראובן בריינין א מתנה)

---

די כהנים פארנומען מיט שעכטען קרבנות.
די לוים אין בית המקדש לויבען איצט גאט.
דאס פאלק, א טויזענד קעפיגע מאסע.
ציהט זיך, אן אויפהער, צום טויער פון שטאט.
ווי א כלה פארציערט איז די שטאט ירושלים.
די לופט איז געמישט מיט רויזען פארפיומען.
עס זיינען פארפוצט אויך די טעכטער פון ציון
די שעהנע די גוטע,— ווי רייצענדע בלומען.
מיט געזאנג און מיט טענץ, מיט הידד געשרייען.
לוסטיג און פרעהליך ווי פויגעל אין פעלד
זי קומען באגריסען דעם פרינץ פון יהודה.
וואס קומט איצט, פון קריעג, זיעגרייך. — א העלד.
ער קומט איצט מיט טויזענטער שקלאפען פון מואב
אויך פון עמלק גערויבט האט ער פיעל.
לאנג האט גענומען דער קאמף מיט דעם שונא.
פריעדען אם ענדע, עררייכט איז זיין ציעל.
עס יובל'ט דאס פאלק וואס האט פיעל געליטען: —
געבראכט האט קרבנות אויפ'ן מזבח פון זיעג. —
טויזענטער זיינען אין שלאכט דארט געפאלען
געשטארבען ווי העלדען, אין הייליגען קריעג. —
ניטא קיין משפחה וואס טראגט ניט קיין טרויער!
אין שלאכט איז געפאלען ביי יעדען א קינד!
דער זיעג איז דאך טייער עס פרעהען זיך אלע
די טרעהר פון דעם יחיד פארגעסען אצינד...

דער קלאנג פון שווערד,
עס ציטערט די ערד
עס שאלט דער שופר אין פעלד.
רייטער פאראוים
שרייען הויך אוים! —
„ישראל באגריסט אייער העלד!"

דער פרינץ אליין
באגאסען מיט חן,
רייט מיט שווערד אין האנד,
א הערליכע בילד
דאס פאלק ווערט ווילד
דערזעהענדיג דעם ליבלינג פון לאנד...

---

און לאנגזאם באגריסט דער פרינץ די באגריסער,
וואס שטעהען צוטיילט איצט אויףביידע זייט וועג.
די הארץ אבער זיינע צעהלט די מינוטען,
און וויל עס זאל נעמען וואס שנעלער א ברעג.
זיין כלה שולמית, זיין הארצענס געליבטע!
זיווארט אומגעדולדיג, אויף איהם, דארט אין שלאס
עס ציהען זיך לאנגזאם, סעקונדען מינוטען
צערעמאניעס צו לאנג אן א סוף, אן א מאס.
שוין פינף יאהר פאראיבער, אזוי ווי א חלום
ווען זי האט געשיקט איהם דאן אין דער שלאכט,
— „געה מיין געליבטער, דאס פאלק איז איצט בילכער!
טו דיין פליכט! אין קריעג צייג דיין מאכט!
כ׳וועל ווארטען געדולדיג! מיין ליעבע וועט וואקסען
וואס דו האסט אין הארצען פארפלאנצט! האב צייט. —
איך וועל עס באגיסען מיט טרעהרען טאג־טעגליך
ס׳וועט ווערען שטארקער און גרעסער! געה אין שטרייט!
און ווען דו וועסט קומען צוריק, א ווי גליקליך!
דו וועסט זיין מיין ליבלינג, מיין פרינץ מיין מאן!
און איך די גליקליכסטע טאכטער פון ציון,
די גליקליכסטע אין דער וועלט וועל איך זיין!...

אם ענדע אט איז זי, זיין שעהנע שולמית
א הערליכע פראכטיגע, צערטליכע בלום!
באגלייט פון דינסטען, זי קומט איהם אנטקעגען
ער שפּרינגט צו מיט האסט און נעמט זי ארום.
ער באדעקט מיט קושען איהר אלבאסטער שטערן,
די ליפּען, די האָר ווי סאמעט ווייך־שווארץ.
פון אויפרעגונג, גליק, זי פיהלט ווי ער ציטערט,
זי הערט ווי עס קלאַפּט, און שטורעמט זיין הארץ...
צופיעל גליק קען א מענש ניט פארטראגען,
פיליכט נאָך ערגער ווי שמערצען און נויט.
אויך די הארץ איז געווען שוואך ביי דעם גבור
און דאָס האָט פאראורזאכט זיין פּלעצליכען טויט...
געשטארבען א גליקליכער פּרינץ אין יהודה!
געשטארבען געזעטיגט מיט ליעבע מיט פרייד...
שווער איז צומאָהלען דעם שרעקליכען טרויער,
צו שילדערען א פאָלקס וועה. — די שמערצליכע לייד...
— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

---

ביים כסא הכבוד, דער בית־דין אין הימעל,
איצט משפּט די זינדער וואָס קומען אהין.
די שופטים, דריי ערנסטע אלטע מלאכים
וואָס רופען זיך חסד, רחמים ודין.
און כרובים און שרפים, אויך א קטיגור
א מלאך א יונגער, די כמארעס וואס טרייבט,
איז דאָרט דער סופר, מיט פייער און בליצען
אין וואָלקען דעם שווארצען אלעס פארשרייבט.
און אָט איז געקומען דער פּרינץ פון יהודה
שטאָלץ פאר'ן בית דין די נשמה בלייבט שטעהן
און ווערט פון גזר דין בלאס און פארציטערט: —
„נשמה אין גיהנום אויף א חודש דארפסטו געהן!"

אמת דו האָסט פאַר דיין פאָלק פיעל געאָפּפּערט,
דו ביזט שטאַרק באַליעבט, אין הימעל אי דאָרט.
די הענד אבער דיינע צופיעל פארבלוטיגט
אוממעגליך צו געפינען פאר דיר דאָ איין אָרט.
דער גיהנום איז פאר דיר חלילה קיין שטראָף ניט,
די הענט דיינע מוזטו מאַכען בלויז ריין.
אין שוועבעל וואש זיי דאָרט פאַר א מאָנאַט,
און דאַן איז גן־עדן ערוואַרט דיך דיין קרוין."
דער מאָנאַט פאַראיבער באַגלייט פון א מלאך
שוועבט די נשמה פון קרוינפּרינץ אין פּראַכט.
און דאָך פארטרויערט. דער מלאך פרעגט איהם: —
„נשמה, דיין טרויער וואָס ביזטו פאַרטראַכט?"
— „א הייליגער מלאך, מיין כלה שולמית!"
ענטפערט דער קרוינפּרינץ שרעקליך באַטריבט.
„איך בענק נאָך איהר שטאַרקער ווי פריהער
איך ליעב זי נאָך מעהר ווי איך האָב זי געליעבט!
א, אויב ס'איז מעגליך פאר מיין אויג זי צוזעהען
בלויז זעהען וואָס מאַכט זי, בלויז נאָר א בליק,
פאַר מיר געווען וואָלט עס מעהר ווי גן־עדן
די העכסטע שטופע פון פרייד און פון גליק!"
— יא, ענטפערט דער מלאך, ס'איז מעגליך, אבער
טויזענט יאָהר גיהנום באַצאָל פאַר א בליק,
דער פּרינץ נעמט אָן די שטראָף צו באַצאָהלען
ער האָט דאָך מיט'ן לעבען באַצאָלט פאַר זיין גליק.
וואָס פאַר א ווערט האָט טויזענט יאָהר גיהנום?
אין אויבּיגער־צייט, דאָך בלויז א מאָמענט...
איך וויל זי זעהען! שרייט אויס דער קרוינפּרינץ,
דער פייער פאַרלאַנג פאַרצעהרט מיך און ברענט...
און לאַנגזאַם האָט זיך דער הימעל געשפּאָלטען,
ער זעהט זיין געליעבטע. — א צווייטען זי קושט,
צערטליך זי גלעט איהם, די פאַלשע פאַרנעסען!
זי דריקט א צווייטענס קאָפּ צו איהר ברוסט...

א שרעקליכער, ביטערער טרויער באהערשט איהם
און לאנגזאם אין גיהנום לאזט ער זיך געהן.
שטאלץ זיין מוט נאך אלץ ניט געבראכען,
אבוואהל די כרובים באהערשט א געוויין.
„שטעה!" שרייט דער מלאך, „וואוהין געהסטו נשמה?"
— „אין פייער פון גיהנום דארט מאכען א סוף...
„ניין, זאגט דער מלאך, געה אין גן־עדן...!
דו האסט שוין באצאהלט די גרויזאמע שטראף...

---

## בלוט און טרעהרען.

ווען דער בוים אין שטארקען שטורעם
ציטערט, בויגט זיין גרינעם קאפ. —
יעדע בלעטעל, יעדע צווייגעל,
דענקט ס'פאלט צו דר'ערד אראפ...
*   *   *
ווען איין שוואכע שטילע שעפסעל
ווערט פארצוקט פון בייזען וואלף—
פאלט א טרויער, שרעק, א מורא
אויף דער גאנצער סטאדע שאף.
*   *   *
נאר מיר פיהלען ניט קיין שרעקען.
רוהיג לעבען מיר אונז זיגגט זיך.
ווען אין בלוט און טייכען טרעהרען.
דאס גאנצע פאלק עס טרינקט זיך.

---

# ליעבע

(א לעגענדע)

ווען גאָט האָט באַשאַפן די וועלטן,
געשמידען דעם טאָג פון דער נאַכט,
פון וואַסער און פייער אין הימעל
די זון און די שטערן געמאַכט.

* * *

נאָך דעם ווי אַלעם באַשאַפן
דער בורא ערגרייכט האָט זיין ציעל!
האָט ער פון דעם פאַלענדען „כאָאָס”,
געשאַפן דאָס ליעבע געפיל:—

* * *

זודיגע טרערן, געמישט עס מיט פריידען,
זיפצען און בענקען מוט פון א העלד,
שטראַהלען און ליכט פון זיסען גן־עדן,
די ליבליכע טענער פון פייגעל אין פעלד,

* * *

הערצליכע קושען און קלאַפּענדע הערצער,
א מוטערס אַל־טעגליכען אָפּפער צום קינד,
פון אומשולד דעם שמייכעל, דעם פייער
פון יוגענד, איין אָטאָם פון זינד.

* * *

דעם בענקען פון איינזאַם, דעם שאָטען
פון גיהנום, די פריידען פון גליק,
די מעכטיגע, זיסינקע שטימע פון האָפען
פון הימעל דעם צערטליכסטען בליק

* * *

אויסמישען האָט עס דער „בורא” פאַרגעסען
(און אפשר קיין צייט ניט געהאַט),
דערפאַר איז די ליעבע אַמאָל פון א מלאך,
אַמאָל בלויז דעם טייפעלס א טאַט...

# די ערשטע מרידה

(א לעגענדע)

קרח ליצן היה, והיה מתלוצץ על משה ועל אהרון וג.
מדרש שוחר טוב.

דארט אין דעם מדבר, ניט ווייט פון חצורות,
וואו עס ליגען די סטעפּעס צו שפּרייט,
אַן וועגען, אַן שטעגען, אַן גראז און אַן ביימלאַך,
וואו אלעס איז טרוקען, פארדארט און ווי טויט...

אַט דאַרטען, דערצעהלט אונז איין אלטע לעגענדע,
האַט קרח געשאפען דעם ערשטען רעוואלט,
די אטאקראטיע פון משה און אהרן,
צושטערען האַט ער דאן געוואַלט...

אַט שטעהט דאַרטען קרח דערצעהלט אונז דער מדרש,
ער רעדט, און די ווערטער, שניידען ווי מעסער,
און פּראוועז לצנות פון הייליגען משה'ן,
און מאכען פון אהרן א פרעסער: —

— געבראַכט פון מצרים אום אונז צו באהערשען:
זאַגט קרח צום פאלק, וואַס שטעהט דאַרט ארום,
„זיך פאר א הערשער און אהר׳ פאר כהן,
און איהר צאן־קדשים זייט גוט און פרום...

שעהנע משפּטים, טייערע, דינים,
גוט פאר כהנים גלענצענד א פּראַכט,
א מנחה, איין עולה, א חטאת, זיי נעמען
זיי שלעפּען פון יעדען, גאַר ניט געטראַכט...

אט האט איהר אביישפיעל: — א פרוי איין אלמנה,
געבליבען מיט קינדערלאך קליינע פון מאן,
קיין פרוטה צום לעבען, פאר איהר און יתומים,
בלויז א שטיק פעלדעל א זאמדיגם פאראן.

נו אום צו אקערען טאר מען ניט נוצען,
קיין אקס מיט אן עזעל, אזוי איז דער דין,
גענומען זיך זעהען א נייענקע „גזרה",
כלאים! מ'טאר ניט א מין מיט א מין...

הכלל פארזייט שוין מיט מזל דאס פעלדעל,
גענומען עס שניידען, אפילו ווענינ וואס־ווערט,
נאר לקט, שכחה און פאה — ווי דען־זשע?
דאס טאר ניט חלילה, ווערען פארפעלט!...

מיט טרערענדע אויגען האט די אלמנה,
פארקויפט דאס פעלדעל, אום צו מאכען א סוף,
און אום צו אנטלויפען פון די אלע גזרות,
האט זי געקויפט א פאר יונגינקע שאף...

איצט וועל איך האבען מילך פאר די קינדער,
און קליידעלאך אויך פון זייערע וואל,
די יונגינקע שעפסעלאך, וועלען זיך מעהרען,
און איך וועל שוין לעבען רוהיג א מאל...

דערהארט א נחמה די שעפסעלאךביידע,
האבען מיט מזל שעפסלאך געהאט...
פלוצלונג דער כהן, ער פאדערט די בכורים,
כל הבכור שיולד. — ער נעמט דער פיראט...

געקומען די צייט די שעפּסען צו שערען.
ער איז שוין דאָ ווידער דער קלעק.
וראשית גז צאנך. — ס׳קומט אויך דעם כהן!
ער נעמט אויך דאָס וואָל יעצט אוועק...

איך וועל ניט מעהר ליידען! זאָגט די אלמנה,
איך שעכט גלייך די שעפּסען! ס׳איז דאָך א שטראָף!
נאָר גלייך נאָך דעם שעכטען, ווידער דער כהן,
ער נעמט צו פאַר זיך דאָס בעסטע פון שאָף...

די אָרעמע וויטווע ערשטוינט און צוטומעלט,
שרייט אויס: — א גאָט וואָס פאַר א הרם פון דיר!...
דער כהן, מיט פרייד, נעמט צו שוין אין גאַנצען,
ווייל כל חרמי ישראל. — זאָגט גאָט קומט צו מיר...

און פּונקט ווי עס ליידעט דאָרט יענע אלמנה,
אזוי טוט אהרן מיט אלעמען גלייך,
ער זויגט, די פּיאַווקע, דעם מאַרך פון די ביינער,
פון אייערע טרערען ווערט ער נאָר רייך...

— — — — — — — — — — — — — — — —

נעענדיגט האָט קרח, ס׳ווערט א געטומעל,
דער ליאַרעם צושטערט די שטילקייט פון נאַכט...
אָט־דאָס איז אין קורצען קרח׳ס לעגענדע,
ווי ער האָט די ערשטע מ ר י ד ה געמאַכט.



# אשת חיל

(א מדרש משלי)

(געווידמעט הרב ישראל כהנאוויטש)

עס ליגט פאר מיר אפען דאָס אלטינקע ביכעל,
איך לעז דאָרט מדרשים צויבערהאפט שעהן,
מעשיות, לעגענדעס פון אור־אלטע צייטען,
געפילפאָלע דראמאס, פערזאָנען פיעל חן — —

איך מיש אויף א בלעטעל — עס קומט מיר אנטקעגען
די פרוי פון רבי מאיר. זי זיצט געבויגען
פון שרעקליכען טרויער און גרויזאמע ליידען:
די הארץ פול מיט טרערען, נור טרוקען די אויגען —

דעם הייליגען שבת זי וויל ניט פארשטערען,
פארטראגט זי אהן טרערען איהר שמערצליכען יאך.
צוויי זין איינציגע פלוצלונג געשטארבען.
ווער קען באגרייפען איהר גרויסען בראך?...

רבי מאיר?... ער וויים ניט, ער זיצט אין בית מדרש,
ער לערענט דאָרט תורה — — תלמידים א סך.
ער וועט ערשט קומען אהיים צו הבדלה,
זי דארף איהם ערשט זאגען, ער וויים פון קיין זאך.

זי נעמט די צוויי קינדער, (די קאלטינקע קערפערס)
און לייגט זיי אין בעט, די ווארעם געליבטע.
זי דעקט זיי אריבער מיט א ווייסינקען ליילעך,
און געהט אוועק מיט א זעעל א באטריבטע.

אַט ציינען זיך שטערען... רבי מאיר דאַרף קומען.
עס הערען זיך טריט. — אַט קומט ער, מיר שיינט —
ער געהט אריין מיט „א גוט וואָך, מיין טאַכטער!"
און פרעגט: — „וואו זיינען די קינדערלאַך היינט?"

„א גוט וואָך, רבי מאיר! איך גלויב אין בית מדרש".
זי ענטפערט; און גיט איהם דעם בעכער און וויין
און גרייט גלייך צום טיש. דערלאַנגט איהם דאָס עסען
פארבארגענד די שמערצען, די ליידען און פיין.

אַט האָט ער געענדיגט דעם עסען, דעם בענשען —
די פרוי — זי וואַרט נאָך א ווײלע.
„רבי מאיר! א מאַן האָט געלאָזט א פקדון.
יעצט מאָנט ער צוריק"?... איז איהר שאלה.

„וואָס ווייסטו ניט, טאָכטער?" ענטפערט רבי מאיר.
„על פי דין א פקדון מוזטו אומקעהרען גלייך.
מען האָט עס געלאָזען ביי דיר אויף א ווײלע. —
מיך וואונדערט דו פרעגסט אזא זאך?..."

פון וועהטאָג און צרות קען זי ניט ריידען.
נור זי נעמט און ציינט איהם איהר שמאַרץ.
רבי מאיר, דער תנא, ברעכט אוים מיט א יאמער
וואָס קוועלט און רייסט איהר דאָס הארץ.

עס נעמט נור א ווײלע ביז זי באהערשט זיך
און פאנגט ווידער אן ריידען מיט טרייסט:—
„רבי, וואָס וויינסטו? איך האָב דעם פקדון
געגעבען צוריק ווי דו הייסט!..."

— — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — —

---

# זכות אבות
(א פאָלקס געשיבטע)

ווינטער, אין דערפעל איז אלעס פארפראָרען,
עס סקריפּעט דער שנעע, פון די טריט.
דער פראָסט ווי א מאלער, די גלעזערנע שויבען,
האָט פראכטפול מיט בילדער פארציערט.

ס'מאכט גרעסער די קעלטען, דער קליינינקער ווינטעל,
און שפּיעלט מיט דעם זאמדיגען שנעע,
און פּונקט ווי מיט זאלץ ווארפט ער אין פּנים,
און רייסט פון די דעכער די שטרוי.

אָט טוט ער א קלאַפּ מיט א לאָדען אין פענסטער,
אין קוימען ער וואיעט, דער שטיפער ער שרעקט.
די קראָה אויף איין פיסעל, שטעהט ווי פארשלאָפען,
מיט א פליגעל, די קעפעל פארדעקט.

---

רבי חיים, דער דארפסמאן, דער אידישער שיינקער,
וואָס האלט די ארענדע ביים פריץ פון שטאָט,
שטעהט איצט און דאווענט, אין טלית און תפילין:
ער וויינט און בעט רחמים ביי גאָט.

די פרוי זיינע שפּרינצע, זיצט אויף א בענקעל
די אויגען זיי גיסען מיט טרעהרען ווי בלוט
איהר הארץ איז פארוועהטאָגט, דער קאָפּ איז געבויגען,
פארטרויערט, פאר'חשד'ט, דערשלאָגען אָהן מוט...

פון דער ארענדע קוים־קוים די חיונה
א האלב דוצענד קינדערלאך נאקעט און בלויז,
פון הונגער צו ליידען, געוואָהנט שוין אין דחקות,
דער דלות ער סוויסטשעט אין הויז...

נאר ווען עס קומט אן דער טערמין פון ארענדע,
דער פריץ, ער וויל גאר ניט וויסען!
איין אכזר, א גזלן, — דער שונא ישראל,
ער האט איהם אמאל שוין געשמיסען!

ר' חיים שפייט אויס: — ער האלט ביי עלינו,
דעם טיש מיט א האנדטוך האט שפרינצע פארשפרייט,
ער געהט צו צום עמער צו טראגען און וואשט זיך
און מאכט הויך המוציא אויף טרוקענעם ברויט.

נו, זאגט איהם שפרינצע, אט פאלג נאר מיין עצה,
א נארישע אידענע זאגט אויך אמאל גלייך,
געה באלד אריבער צום פריץ און בעט זיך
וואס איז דען, עס פעהלט איהם? — ווי ניג נאך רייך?...

פילייכט איין ,,אסטראטשקע" און אפשר גאר שענקען
צו גאטעס גענאדען, איז דען דא א ברעג?..."
ר' חיים ער פאלגט זי, טוט אן זיין קאפאטע,
און זיפצענדיג מאכט ער זיך פארטיג צום וועג.

פארוויקעלט, פארגארטעלט, פארקאשערט די פאלעס
קריכט ער אלם ווייטער אין שטאט,
און שטיל אין זיין הארצען טרייסט דער בטחון,
די ליפען זיי שעפטשען א תפילה צו גאט...

אט קומט ער שוין נאהענט, ניט ווייט שוין פון פריץ,
ער זעהט שוין פון קוימען, עס ציהט זיך דער רויך
ווען פלוצלונג דריי הינד, אבער גרויסע ווי לייבען
פאר שרעק און פאר מורא, ווי טויט ווערט ער בלייך,

ער לויפט אריין צום פריץ פארסאפעט, אהן אטעם,
פון שרעק און פון שוואכקייט, ער פאלט פון די פיס,
דער פריץ צוטומעלט, געהט איהם אנטקעגען
און פרעגט איהם: — צא חיים! וואס ווילסטו, וואס איז?

ווי קאלך אזוי בלאס קוקסט אויס ווי א טויטער,
קיין טראפען פון בלוט ניט אין זיך!
ווי קומסטו צו פוס אין אזא קאלטען וועטער,
וואס שווייגסטו? דערצעהל מיר אויף גיך!...

און חיים פאנגט אן דערצעהלען דעם פריץ: —
(מיט טרעהרען פארשטיקטע הערט זיך זיין שפראך)
„א יאסני וועלמאזשני!...” רופט זיך אפ חיים,
„איך האב צו דערצעהלען דיר זעהר א סך.

איך בין ווי פארטרונקען אין צרות און ליידען,
פון שמערצען און צווייפעל, איך האב ניט קיין רוה,
מיין עהרליכקייט הייסט מיר די ארענדע באצאהלען
מיין ביטערע ארימקייט לאזט מיך ניט צו.

איך האב ניט פון וואנען, און קען עס ניט קריגען
עס רויבט מיר מיין לעבען! מיין הארץ איז געקוועלט
איך האב שוין קיין קרעפטען, כ'וועל געהענדיג שטארבען,
עס פארביטערט, פארפינסטערט מיין וועלט...

עס טוט זיך א צאפעל, די הארץ פון דעם פריץ
דער מיטלייד ערוועקט זיין רחמנות געפיהל,
עס ציינגט איהם דעם קוואל־וועה פון אידישען לעבען
ווי מענשען פארטראגען ליידען זא פיעל.

„אידזשי דא דאמו‟, זאָגט ער צום אידען.
איך שענק די ארענדע אין גאַנצען דאָס מאָל,
און ווייטער זאָלסט חיים קיין מאָל ניט זאָרגען
ווען דו ווּעסט האָבען, דאן קום און באצאָל...

---

שפּרינצע פארטרויערט, זי קאכט נעבען אויווען
א פליישיגען בארשטש אין א פארעווען טאָפּ.
עס מאָהלט די פאנטאזיע, איהר שרעקליכע בילדער,
וואָס מאכען א כאאָס, א מיש־מאש אין קאָפּ.

זי קוקט דורכ׳ן פענסטער און שטרענגט אָן איהר זע־קראַפט
עס האפט און עס צווייפעלט איהר הארץ:
אָט דאכט זיך מען פיהרט איהם צושמיסען אויף שטיקער.
עס קוועהלט זי א ביטערער, קלעגליכער שמארץ...

עס עפענט זיך האסטיג די טיר און ר׳ חיים
צופרידען, פארסאָפּעט קומט אָן פון דער שטאָט.
„שפּרינצע א דאנק גאָט! — מיר זיינען געהאָלפען!...
האָט געשענקט די ארענדע, — א נס נאר פון גאָט!...‟

און לאנגזאם דערצעהלט ער די גאנצע געשיכטע,
און שפּרינצע הערט צו יעדעס וואָרט,
און פרעגט זיך פאנאנדער אויף אלעס פּאדראבנע,
די הינד, ווי דערשראקען זיי האָבען איהם דאָרט.

און שפּרינצע׳ס א פינגער געפינט גלייך איהר מאָרדע
זי שאקעלט סארקאסטיש איהר קאָפּ מיט א לאַך:
אוי ביזט א למד, מיין מאן זאָלסט מיר לעבען,
ווי קען דאָס א מענש ניט פארשטעהן אזא זאך?

דו מיינסט טאקע הינד זיינען דאָס איינפאך געוועזען
דו האָסט אויף נאמנות קיין אידישען גליעד,
דאָס זיינען זכות אבות, דיין טאטע מיין מאמע
און אברהם׳ל דער פעטער, א צדיק א איד‟...

# גאָט שיעור פארשיקט אין סיביר

(א פאָלקס מעשה׳לע)

אָט הערט נאָר רבותי איך וועל אייך דערצעהלען,
א מעשה, מיין זיידע דערצעהלט האָט עס מיר:—
ווי אזוי גאָט, מ׳האָט שיעור ניט פאר׳משפט,
אין רוסלאנד, צו ווערען פארשיקט אין סיביר.

עס הערשען געזעצע, אין רוסלאנד וואָס זאָגען,
אז דער וואָס צווינגט יעמאנדען עטוואס צו טאָן,
נעגען זיין ווילען, דער הייסט א פארברעכער —
באשטראפט וועט ער ווערען לויט דעם „זאקאן״.

נו האבען זיך שונאים דערמאָנט אויף א מדרש,
א מדרש אן אלטען: — אז די צעהן געבאט,
האָט „דאָבראוואלניע״ ישראל אליין ניט גענומען,
נאָר געצוואונגען דער צו האָט איהם גאָט.

אפילו מען פרעגט ניט ביי גאָט קיין שאלות,
די מעשה, עס בלייבט אלץ ניט גלאט,
אָט דאָרט אין דער מדבר אזוי ווי א גזלן,
וואָס האָט ער צום אידען געהאט.

הויבט אויף א בארג א גרויסען „כגיגית״,
און סטראשעט, איך מאך אייך דעם טויט,
די ארימע אידעלאך בלאס און ערשראקען,
„נעשה ונשמע״! שרייען אוים נויט...

אזוי ווי קיין אונרעכט קען רוסלאנד ניט ליידען...
זי פארהיט דאָך דעם אידענס א האאר...
דער פריסטאוו מאכט גלייך א „ספראוועקע״,
און שיקט עס צו דעם פראקוראר...

גראדע דארף שטארבען רבי משה דער שמש,
געשטאָרבען פון דחקות, פון הונגער צי נויט,
שיקט מען דורך איהם צו גאָט א „פּאוויעסטקע",
אז ער זאָל צום משפּט זיין גרייט.

אזוי ווי קיין רוסען איז ניטאָ אויפ׳ן הימעל...
זיי זאָלען פארטייטשען די זאך,
שיקט מען האסטיג צום מלאך גבריאל,
ער דארף דאָך פארשטעהן אזא שפּראך.

גבריאל, ער האָט זיך ניט פיעל געמאטערט,
דעם בית־דין געגעבען צו פארשטעהן,
„אז מלכותא דארעה כעין מלכותא דרקיע",
אז דאָ קען ניט העלפען צום מאָל גאָט אליין.

אזוי איז געקומען דער טאָג פון דעם משפּט,
יעווראפּא, זי ווערט אזש ערשטוינט,
פאר געבען דער וועלט די הייליגע ביבעל,
ווי גאָט ווערט אין רוסלאנד באלוינט.

עס קומען אין סוד אָן גרויסע פּראָטעסטען,
נאָר פּאָניע ער מאכט זיך א צימעס און גאר,
דער גליק איז פאר גאָט די רוסישע „דאוונאסט",
וואָס ס׳זיינען פארגאנגען די עטליכע יאהר.

דערפאר קען מען גאָט אין סיביר ניט פארשיקען,
די תורה, ער מוז זי גלייך נעמען צוריק,
ער מוז נאָך די אלע „איזדערזשקעס" באצאָלען,
פאר שיקען, פאר פּאקען, פאר שטריק.

און רוסלאַנד ווערט „ביזי" מיט שיקען די תורה,
מען פּאַקט, מען שיקט און מען זוכט,
מ'פּאַקט אַלע תפילות און אויך אַלע דרשות:
וואָס ווערען אין קירכע געברויכט.

* * *

גבריאל איז פאַרטיג צו נעמען די תורה,
און בלאָס און ערשראַקען בלייבט ער דאָרט שטעהן.
זעה נאַר, אַזוי פיעל! גאָט מיינס אין הימעל,
ווי קאָן איך עס טראָגען אַליין?...

און גאָט זאָגט באַפעהלענד פון הימעל: — גבריאל,
די עשרת הדברות, ניט שטעה!
נעם צו ביי די רוסען די ליכטיגע פעריל?
די שמאַטעס, זאָל בלייבען ביי זיי...

---

## דיין שמייכעל

דער הימעל פאַרדונקעלט פאַרכמאַרעט.
די וועלט איז אין טרויער פאַרדעקט.
איין טרויער א טיעפער פון ווייה מוטה
באַהערשט אַלס דריקט און עס שטיקט.

---

נאָר פלוצלונג אַ שיין אין דעם הימעל
די זון באַווייזט זיך מיט פּראַכט
די גאַנצע נאַטור פון איהר טרויער
מיט פרייד האָט שטראַהלענד ערוואַכט.

---

מיין לעבען געווען איז פאַרדונקעלט
פאַרטרונקען אין שמערצען און לייד,
דיין שמייכעל האָט אַלעס פאַרטריבען
מיין לעבען באַצויבערט מיט פרייד.

# צום נאכטיגאל

(אין טאג פון הרצל'ס יאהרצייט.)

וואס ווילסטו זינגער מיט שמערצליכע טענער,
וואס ציטערט דיין שטימע מיט טרויער און לייד?...
זינג מיר א ליעדעל, א פרעהליכעס ליעדעל!...
א ליעדעל זאל הילכען מיט ליעבע און פרייד...

א ליעדעל פון לענדער, וואו ליכטיג און ווארעם,
א ליעדעל פון האפען, פון פריהלינג א פראכט:
זינג מיר פון וועלטען, וואו מען הערט קיינע זיפצען,
וואו אלעס איז ליכטיג, עס לעבט און עס לאכט...

גענוג מיך צו פלאגען, גענוג מיך צו קוועלען,
א סוף צו דיין ריהרענדער קלעגליכער ליעד!...
דו ווייסט, איך קען זיפצען, איך קען אויך גוט וויינען,
איך פארשטעה זיך אויף טרעהרען, איך בין דאך א איד!..

— — — — — — — — — — — — — — — —

די פויגעל זי ענטפערט: „איך קען איצט ניט זינגען
עס קלאגט און עס טרויערט א פאלק נאך איהר קינד!...
דו הערסט ווי עס וויינען דארט טויזענדער הערצער?
ס'איז יאהר צייט פון הרצל... איך טרויער אצינד!"...

און די שרעקליכע זיפצען, זיי שפאלטען די הימלען,
דו הערסט ווי זיי קלינגען מיט וועה דארטען אפ?...
עס וויינען די כרובים מיט אלע מלאכים
און זעה ווי עס רעגענט מיט טרערען אראפ...

# פריה-מאָרגען

אין שטילען פּראַכט,
דער טאָג ערוואַכט.
אין פעלד אַ זיסער דופט.
און פון געזאַנג,
אַ ווידער קלאַנג,
פיעלט אָן די פרישע לופט.

* * *

אין צווייג פון בוים,
אַ רוהיג היים,
האָט ס'פייגעל זיך געמאַכט.
און ווי קריסטאַל
קלאַר, ליגט אין טאָהל,
דער טוי פון לעצטע נאַכט.

* * *

פון באַרג אַרויף
די זון געהט אויף,
שפּאַצירט אין בלויען רייך...
דער ווינד איז קיהל,
און צערטעלט שטיל,
די הויכע גראָז פון טייך.

* * *

אין פעלד דאָס בלום
באַוואונדערט שטום,
דעם הערליך שעהנעם טאָג.
דער מענש, אַ העלד,
אין פרייען פעלד
ווי די פייגעל פריי פון זאָרג...

# דער גזר דין

(א לעגענדע)

געשטארבען ר׳ חצקיל א אידעל א נגיד.
געשטארבען ווי אן עהרליכער איד:
גע׳גוסס׳ט איין ערך פון עטליכע וואכען.
געשטארבען באזונדער — א גליך נאך א גליד.

* * *

מען האט פשוט גערעגענט מיט פרישע פדיונות.
געריסען די קברים, געמאסטען דאס פעלד.
געזאגט נאכאנאנד אין שול האט מען תהילים.
געשאטען נדבות, געווארפען מיט געלט.

* * *

עס האט ניט געהאלפען, געשטארבען ר׳ חצקיל.
און חברה איז גרייט איהם צו טאן
זיין רעכט. ווי עס פאסט א אידען א נגיד
איהם באגראבען, מיט כבוד הויך אויבען־אן

* * *

באוויינט האט איהם הארציג דאס גאנצע שטעטעל
דער רב האט אויך א הספד געמאכט.
און טרויעריג זיינען זיך אלע צוגאנגען.
א היים פון בית־עלמן פארנאכט...

---

---

אין פרישינקען קבר ליגט זיך ר׳ חצקיל,
און ציטערט פון שרעק פאר דעם חבוט־הקבר. —
א שפאס, זאגט די וועלט, איז׳ם א מלאך א גזלן
ער צוברעכן פשוט יעדווידער איבר....

* * *

און פלוצלונג א בליץ, ס׳ווערט ליכטיג אין קבר
און א קול פון א דונער דערהערט זיך: —
„רשע מה שמך?״ — ר׳ חצקיל דער נגיד
פארציטערט בלייבט ליגען און שרעקט זיך.

* * *

דער מלאך שלאָגט ממית׳ט גאר אָן הכנות.
דער מת ער האָט א ממשות
דער שוואכער ר׳ חצקיל נאָך אזא קריינקען,
פון וועהטאָג, בלייבט גלייך אין חלשות.

* * *

ווען ער איז געקומען אביסעלע צו זיך
(ס׳האָט גענומען גאר א קליין ווייל׳ע).
איז ער שוין געווען אין זיבעטען הימעל
ביים געריכט פון בית־דין של מעלה.

* * *

„רבותי! דאָס איז די נשמה פון חצקיל״,
האָט א מלאך געזאָגט נאָך פיעל ריידען,
„ער איז געווען דער גרעסטער בעל צדקה,
און איך פאדער פאר איהם דעם גן־עדן!...״

* * *

„איך פראָטעסטיר!״ האָט זיך צושריען דער שטן,
„גן עדן פאר איהם? — גאָט דו גערעכטער!
ער האָט דאָך נדבות געביטען אויף כבוד,
כא! כא! כא!״ (א ווילדער געלעכטער).

* * *

אויב זיין האנד איז אפען געוועזען,
האָט ער דאָך זיין הארץ געהאלטען פארשפארט!
זיין צדקה איז ניט געווען מיט רחמנות,
נאָר ווייל׳ע ס׳האָט זיך איהם כבוד געגארט...

* * *

פאר אלע נדבות. נאך ביי זיין לעבען,
האט ער געקראגען באצאָלט פון דער שטאָט:
מיט כבוד, מיש ששי, מיט עהרע חניפות
וואס'זשע וויל ער נאך האבען פון גאָט?

* * *

..ער וויל נאך פארשמוצען דעם שעהנעם גן־עדן!
מיט א קערפּער אן ליעבע געפיהל אדער הארץ
ער האָט דען זיך ווענינ געזעטיגט ביים לעבען
מיט כבוד, פון יענעמס טרעהרען און שמארץ?!״

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

געענדיגט דער שטן, עס הערט זיך דער פסק:
ר׳ חצקיל, מגולגל דארפסט ווערען צוריק.
אלס ארימער מאן. דו וועסט פיהלען
אלעמענס וועהטאג און יעטוועדענס דריק.
געטיילט האסטו מיט געלד נדבות.
בלויז כבוד און עהרע דיין צוועק,
דיין קאָפּ האָט געהייסען דיר זיין א בעל צדקה
געה גיב זיי דיין הארץ אויך אוועק...״

---

## שיקזאל

אויף א צווייגעל, ווי א צווילינג,
האָט געבליהט, דעם גאנצען פריהלינג,
אין א גארטען אויף די בייטען,
וואו געוואקסען האבען קווייטען.
צוויי רויזען זעלטענע א פּראכט.
ווען מען האָט זיי אפּגעשניטען,
האָט איינע בלויז פון זיי געליטען: —
און מיט טרעהרען זיך באגאסען,
אויף א קבר יענע נאכט.
ווייל די צווייטע האָט א חתן
מיט זיין כלה פרייד געבראכט...

# מאי

ווידער שפּראָצן ווילדע בלומען,
און דער זומער איז געקומען,
מיט זיין גאַנצן פּראַכט.

די לופט איז פעלד, פריש געוואָרען,
די נאַטור ווערט ניי געבאָרען,
ווי דער טאָג פון נאַכט...

---

פול מיט דופט,
איז פעלד די לופט,
עס אַטהעמט לעבענס־לוסט...

די צווייגעלאך,
די ביימ'דעלאך
פון זון און ווינט געקושט.

דער זיסער מאי,
געמאַכט האָט פריי,
די טייך פון פראָסט און קעלט.

דער וואַסער פאַל
פון באַרג און טאָהל,
לויפט האַסטיג אומגעשטערט.

---

און ביי די קינדערלאַך,
פינקלען די אויגעלאַך,
ווי שטערען איז דער נאַכט.

און פון די פרישע היי,
הערט זיך לוסטיג אַ געשריי: —
חברה שטיפט און לאַכט...!

## א פארקעהרטע וועלט

פריינדשאפט פון פרעמדע און צרות פון קרובים
(אין לעבען איז אלעס פארקעהרט)...
פון שונא געהאלפען, פון ליעבע געליטען,
פון פריינדע אין אלעס געשטערט.

פאר שעהנסטע און בעסטע געפיהלען, פון מענשען
געקראנגען באצאהלט נור מיט האס,
פאר פאלשקייט מיט הידד געשריען,
ווערט מען באגריסט אויף דער גאס...

אט האט איהר דעם גאנצען סך הכל:
פאר טובות געקראנגען זיך פיינד,
פאר שמייכלען באעהרט מיט חניפה,
פאר ווארהייט, פארלארען א פריינד.

געאפפערט מיין יוגענד אלס קרבן פאר מענשען,
פון זיי מיט פאראכטונג, אלס לאהנונג באגריסט:
טייער געצאלט פאר אומזיסטיגע שנאה...
נאר פריינדשאפט דאס קריגט מען אומזיסט.

---

## גליק

פאלקאם צופריעדען, אומענדליכער גליק?...
— דאס זעהט מען קיין מאל ניט אין לעבען.
פארלאנגען, זיי גראבען אליין טיעפער די גרוב,
דעם קבר, פון אויביגען שטרעבען...

---

# מוטלאזיגקייט

מוט פארלארען,
אלעם פארלארען.

ווי א פייל וואס פליהט פון בויגען,
ווי געדאנק שטארק געהיילט:
ווערט פארשוואונדען אויך מיין יוגענד,
און איך בלייב מיעד און אלט.

* * *

מיעד פון לעבען, אלט פון ליידען,
קאלט מיין הארץ, מיין קאפ ווי שניי:
און מיין זעעלע ליידעט קוועלט זיך,
עס דריקט מיין ברוסט א שרעקליך וועה.

* * *

שווארץ מיין איצט, מיין צוקונפט דונקעל,
דער לעבענס־לאסט פאר מיר איז שווער!..
פארלארען אלעם מיט מיין האפען,
קיין איינציג פרייד, קיין איינציג טרעהר!...

* * *

דער לעבענס־וועג איז פול מיט שטיינער,
און דער חשד שטארק געדיכט!
שווארץ פארכמארעט איז דער הימעל,
קיין בלעקעל שיין, קיין פיצעל ליכט!...

* * *

און ווען א בליץ ברעכט דורך דעם וואלקען,
און צייגט א שטראהל מיר פון „אמאל":
צייגט עס אבער אויך מיין עלענד,
ווי איך זינק אין יאמערטאל...

## צו א פריינד

(מיט האכאכטונג ראובן בריינין — א מתנה)

אין דיין שרייבען ווי אין שפּיגעל,
זעה איך דיין פארביטערט הארץ.
דיינע שמערצען, דיינע ליידען,
אויך מיין אייגען לייד און שמארץ!
*    *    *
אויף די ליידען פון דעם לעבען
ווי מיין אומה ווערט געקוועלט
ווי עס פליסען טייכען טרעהרען,
און פארטרינקען אונזער וועלט!
*    *    *
וועק מיין פריינד, וועק די ברידער
וועק דאס פאלק און ווער ניט מיער.
זיי א טרייסט, א ליכט אין גלות,
פאר דעם אומגליקליכען איד...

---

## א פאראדאקס

פרייד און גליק איז קיין מאל איינזאם
ליידע, פארצווייפעלט זיפצט אליין
רייכטום קען זיך פריינדע קויפען
נויט איז עלענד ווי א שטיין.

אויף א שמחה קומען פריינדע
אליין ליידסט הונגער. (גאט באהיט)
עסען, טרינקען קומט מען העלפען
העלפען שטארבען קען מען ניט.

---

# די מוטער

(מיט האכאכטונג ראובן בריינין — א מתנה:)

---

די אלטעטשקע, זיצט מיט א בלאסען געזיכט.
זי קוקט אין דעם שאטען פון דער ברענענדער ליכט.
וואס ברענט יעצט אין שטוב נאך איהר אלטען.
דער יאהרצייט נאך איהם לעבט אויף די רעיונות.
ביי איהר ערוואכען אין מח פיעל אלטע זכרונות.
געפיהלען פון הארצען, וואס זיינען באהאלטען.
שוועבען ארוים. עס ציטערען די אלטינקע גלידער.
זי לעבט דורך איהר פארגאנגענהייט ווידער:—
זי טרוימט פון אמאליגע יאהרען...
אט ווי די ליכט וואס ברענט דארט אין ווינקעל:—
אט שיינט איהר געזיכט, אט ווערט עס טונקעל.
איהר בליק אין שאטען פארלארען.

אט פיהלט זיך איהר הארץ אז מיט זיסע געפיהלען.
זי הערט א שטימע ווי מיוזיק וואלט שפיעלען.
וואס צוגיסט זיך אין הארצען מיט פרייד און מיט גליק:
„ער" גיט איהר אפ מזל־טוב, ווען זי האט געבארען
איהר זון. וואס פאר א פרייד עס איז געווארען
ווי שטאלץ, ווי ליעבליך און ערנסט זיין בליק.
ווייך איז זיין שטימע, ווארעם און פרעהלאך.
דער פנים איז שטראהלענד, און שטאלץ ווי א מלך.
פונקט ווי זי וואלט א משיח געבארען....
איהר פנים ווערט בלאס, די אויגען ווי ווילד.
עס ציינט זיך איהר איצט איין אנדער בילד
די אלטעטשקע ווערט ווי פארפרארען.

עס שטעלט זיך איהר פאר יענע שרעקליכע צייט,
ווען איהר קדיש איז אוועק פון איהר אזוי ווייט.
דער „אמת" ער האט איהם פון רוסלאנד געטריבען...
אה, ווי איהר הארץ איז געוועזן פול מיט וועה!
עס קלינגט איהר נאך איצט יענער שמערצענס געשריי:—
מיר זיינען ווי שטיינער געבליבען!
ווי שרעקליך עס צייגט זיך יענע שרעקליכע נאכט
(די לעצטע וואס ער האט מיט זיי דאן פארבראכט)
נאך אמעריקא איז ער געפאהרען,
ער האט גערעדט פון יענער מדינה
וואו מען ווייס ניט פון אומזיסטיגע שנאה....
נאר אט ווערט דאס בילד ווי פארלארען.

זי שטרענגט אן איהר זעה קראפט, קוקט טיפער אין שאטען
זי זעהט דארט א בלאסען, א קראנקען זיין טאטען.
ער ליגט אויף א בעטעל, זי לעזט איהם זיין בריעף.
ער שלינגט די ווערטער און רעדט שטיל: „מיין קינד!"
„א דאנק גאט... געזונד... און מונטער אצינד....
בשלום אראפ פון דער שיף!..."
א צייט געדענקט זי איז ער קראנק געלעגען,
אה, ווי ער פלעגט ליידען פון דעם קלענסטען באוועגען...
רוהיג ווי אין שלאף איז ער נפטר געווארען...
אה איהרע ליידען! איהר קלאג דער געוויין!
געבליבען דאן עלענד, אליין ווי א שטיין,
פארלארען, דאן אלעס פארלארען....

דער קאמף, עס ציטערען אויף איהרע גליעדער
די שרעקליכע צייט זי לעבט עס דורך ווידער.
איהר זון שרייבט זי זאל קומען,
עלענד און איינזאם, גוואלדיג געליטען,
אה, ווי שרעקליך איהר הארץ האט געשטריטען
אין זודיגע טרעהרען געשוואומען.

זי האט איהר הארץ געבראכט אלס א קרבן:
,,איך וועל ניט פאהרען, ווען ער איז געשטארבען,
איך האב מורא דער וועג וועט מיר שאטען,
איך האב געלעבט מיט איהם אין איינעם,
איך קען זיין קבר ניט לאזען אהן קיינעם,
איך בלייב לעבען דיין טאטען...״

דאס בילד ווערט פארלארען, זי בלייבט ווי אן דענקען...
עס צוגיסט זיך אין הארצען א שרעקליכער בענקען,
עס שעפטשען די ליפען: ,,איך חלש״
א געדאנק ווי בליץ: — מען האט זיך געשווארען,
איהר זון איז דארט אן אפיקורס געווארען,
ער זאגט ניט אפילו קיין קדיש
,,מיין קינד שעפטשעט די אלטינקע מוטער,
דו ביזט דאך געווען צו אונז אזא גוטער,
איין מאל אין יאהר, דערמאן דארט דיין טאטען!״...
אט איז ער!... ער קומט צו איהר ווידער,
א ציטער געהט דורך די פארגליווערטע גליעדער,
זי פאלט און שטארבט דארט אין שאטען....

---

## שיר השירים

מיט פלאמען און פייער געקריצט אויפ׳ן הארצען,
מיט בליצען פארצייכענט אין וואלקען דעם שווארצען,
מיין ליעבע צו דיר איז פארשריבען...!
מיין ליעבע: די וועלען וואס ברויזען אין שטורם,
א מעכטיגער פעלז, — פעסט ווי א טורם,
א גליהענדע לאווע פון קראטער געטריבען,
מיין ליעבע, — א דונער וואס טראגט זיך אין טאל
טיעף ווי דער אפגרונט אהן עק, אהן א סוף!
דער ניצוץ פון לעבען וואס ווייסט פון קיין טויט! —
ווייל דער טרוים וועט פארזיסען מיין אויביגען שלאף.

# א מאמע

(צום אנדענק פון מרס. טעפער)

---

געוועזן איז באקאנט איהר דאס אידישע געמעל,
באקאנט אויך דער דלות, דאס שרעקליכע פיין,
דער שמוץ און די שמאטעס פון הונגער און עלענד,
פון פינסטערע קעלערס אן ליכט און אן שיין.

* * *

געליעבט האט זי עלענד! — די קראנקע און שוואכע,
ווי א מוטער געטרייע. גאנץ פריה און ביינאכט
אין רעגען, אין שנעע און אין בלאטע
געגאנגען געטרייסט און הילף אויך געבראכט.

* * *

מיט א זיפץ און א טרעהר, דערמאנט האט זי עלענד.
(א נעסט פון רחמנות געוועזן איז איהר הארץ).
תמיד אין וועה־קוואל געוויקט איהר נשמה
געפיהלט האט זי טיעף דעם עלענדענם שמארץ.

* * *

איהר בליק ווי א גלעט, א צארטער א וויכער.
וואס האט ווי א כשוף די וואונדען געהיילט.
דאס פארכמארעטע לעבען באשטראלט האט איהר שמייכעל
זי האט מיט צדקה איהר הארץ אויך געטיילט.

* * *

זי פעלט אונז די הייליגע גוטע נשמה,
וואס האט אונזער ארמוט און עלענד געשיצט.
געשטארבען? ניין! דאס ארעמע געמעל,
ס'האט איהר אין הארצען א מצבה געקריצט.

---

## צו מיין פרוי
(ווען זי איז געווארען א באבע).

---

זאג מיר ניט מיין לעבען זיסער,
אז דו ווערסט אין יאהרען עלטער,
אז דיין קאפ ווערט אלץ מעהר גרויער,
און די בלוטען ווערען קעלטער...

אז די קנייטשען אויפ'ן שטערען
דארט לעגען טיעף סמנים,
אז דיין יוגענד איז פארשוואונדען,
און בלאסער ווערט דיין פנים...

גיין פאר מיר ביזטו די זעלבע
ווי אין צייט פון יונגען מארגען,
ווען א שמייכעל אויף דיין פנים
האט פארטריבען אלע זארגען.

דיין געזיכט איז מעגליך עלטער,
האב מיין לעבען, ניט קיין שמארץ!
יונג און רייצענד, שעהן און בליהענד,
בליבסטו אויביג אין מיין הארץ....

---

## א תפלה
מיין גאט! וואצו האסטו געשמיט
מיין גייסט צו שלום שטרעבען?
מאכסט חרוב דאך די גאנצע וועלט
פארניכטעט ווערט דאס לעבען!...

דו גיסט דיין צארן ווי א מבול,
דו שטראפסט, נים אויפצוהערען...
טא קארג־זשע ניט קיין זיפצען גאט,
און גיב מיר טייכען טרעהרען!...

# צייט גייסטער

דער אלטער גרייז גראער צייט־גייסט „אמאל״,
„די צוקונפט״ — די גייסטיגע יוגענד,
זיי האבן באגעגענט אן אפטימיסטישען „איצט״,
וואס האט זיך מיט אלעם באנוגענד.
פארפירט האבן זיי, צווישען זיך א געשפרעך:
וואס עס איז דאס בעסטע אין לעבן.
דער אלטער געלאסענער גרויער „אמאל״
האט צוערשט זיין מיינונג געגעבען: —

פ א ר ג א נ ג ע נ ה י י ט

„איך האס דעם צווייפעל פון ש פ ע ט ע ר.
עס לאנגווײלט דער לאנגזאמער א י צ ט.
פאר מיר איז דאס לעבן — „געוועזען״,
דער „עבר״ נאר צויבער באזיצט....
פאר מיר פאנטאזירען, הייסט שוועבען
אויף פליגעל פון זיסע רעיונות
און טרינקען פון קלארינקען טייכעל, —
עראינערונגס קוואל פון זכרונות...״

צ ו ק ו נ פ ט

די שטאלצע און יונגינקע „צוקונפט״
האט שמייכלענד געענטפערט פארטראכט: —
„פאר מיר ליגט דער צויבער אין צוקונפט
ד ע ר ש פ ע ט ע ר דאס איינציגע פראכט.
דער א י צ ט איז אין לייטער א טרעפעל
צו שטייגען, צו האפען, צו שאפען
צו קעמפען פאר א גלענצענדען ש פ ע ט ע ר
דער איצט איז די זיכערסטע וואפען!
ערהאבען איז טרוימען פון צוקונפט!...
אן צווייפעל דער תמצית פון לעבען
איז ניט דער געגוס פון דעם איצטער
נאר די לוסט נאך דעם אויביגען שטרעבען...״

## ג ע ג ע נ ו ו א ר ט

„פאנטאסטישע טרוימען ניט פילאָזאָפיש.
דער מענש איז צופריעדען מיט וואָס ער פארמאָגט.
איך קען א י צ ט באגרייפען פארגאנגענע פריידען,
און בין פון מיין צוקונפט גאנץ ווייניג באזארגט.
זיכער פאר מיר איז בלויז איצט, די סעקונדע
פון לעבען די רגע, וואָס ווערט פארברויכט!...
א מ א ל, ש פ ע ט ע ר, בלויז פאנטאסטישע נעמען,
פארשטעלונגס קראפט, פון אילוזיע די פרוכט!
די וועלכע זוכען פון לעבען געניסען
און ווילען אין לעבען פון זארג זיין באשיצט,
די זאָלען ניט טראכטען פון פ ר י ה ע ר צי ש פ ע ט ע ר
נאָר לעבען צופרידען אין ג ע ג ע נ ו ו א ר ט—איצט!..."

---

## מיין שמארץ

ניט צו כבוד, ניט צו רייכטום,
איז די שטרעבונג פון מיין הארץ.
ניט דער גורל פון מיין לעבען,
איז די אורזאך פון מיין שמארץ.

* * *

איך לייד צוזאמען מיט מיין אומה,
ס'איז ערנידערט און געהאסט
און איז איבעראל גערעכענט
אלס א פרעמדע שווערע לאסט.

* * *

און עס קוועלט מיט וועה מיין זעעל
און עס בלוט מיין שוואכעס הארץ,
וואָס די וועלט איז פול מיט זיפצען,
איז די אורזאך פון מיין שמארץ.

---

# פלאטאנישע פריינדשאפט

„פלאטאנישע פריינדשאפט איז מעגליך!"
אמאל פארטרויט האסטו מיר,
אלס ביישפיעל האסטו מיר געוויזען,
מיין פריינדליך באציהונג צו דיר:
* * *

„אייבינע פריינד, איז מעגליך צו בלייבען,
אבוואהל מיר זיינען נים אלט.
אונזערע הערצער, קענען פעסט קלאפען,
און דאך פארבלייבען גאנץ קאלט!'
* * *

וואס וואלסטו געזאגט מיין געליעבטע,
ווען איך וואלט דיר איצט אויף דער שטעל
געעפענט די לייד פון מיין הארצען,
און געצייגט די שמארץ פון מיין זעעל:—
* * *

וואלסט דאן פארשטאנען מיין טרויער,
דעם סוד וואס פארצערט מיך ווי פייער?
ווי היים אה געליבטע, איך ליב דיך!
אהן האפען, ווי הייליג און טייער!..

---

גאנץ אפט אין דער שטילקייט פון אווענט
ווען אלעס איז רוהיג און שטיל,
פארצעהרט מיך א העלישער פייער,
עס קוועהלט מיך א זיסער געפיהל:
* * *

דו ביזט מיר טייער און נאהענט,
איך צווייפעל, איך ליידע און האף,

איך פארגעס אז דו ביזט פארהייראט
און טרוים פון דיר אין מיין שלאף.

---

דו האסט עס קיין מאָל ניט פארדעכטיגט?
אינסטינקטיוו געמוזט פיהלען מיר שיינט.
אז: — עס גיט קיין פּלאטאנישע פריינדשאפט
מיט דער רייצענדער פרוי פון א פריינד!

## עראינערונג

פארדונקעלט דער הימעל,
ווי אז אבל אין שווארצען,
עס רעגענט, מיט טרערען אראפּ.
עס קוועלט זיך מיין זעלע,
עס דריקט שטארקביים הארצען,
זכרונות פארדונקלען דעם קאפּ.

*  *  *

און פריש אין זכרון,
ערוואכען געדאנקען,
וואס שאפען חרטה רעיונות.
עס פּלאגט די נשמה,
א שרעקליכער בענקען,
עס פּלאגען די אלטע זכרונות...

*  *  *

פון שרעקליכען וועה קוואל,
קומט מיין א מאָל!...
מיט ליידען באגיסט זיך מיין הארץ....
די אלטע זכרונות,
ווי כמארעס אן צאָהל....
מאכען מיין איצט אזוי שווארץ...

# דער פארשאלטענער

*   *   *

מיין מוטער אז עלענדע מיידעל,
באטראגען פארהאסט ביי דער וועלט:
זי האט מיך אין שאנדע געבארען
צו ליידען אין עלענד און קעלט.

געבארען צו ליידען פון הונגער,
ביז וואנען? — אהן ענדע, אהן ברעג!...
ערצויגען צו ווערען אין צרות
אין דחקות פארברענגען די טעג.

נאך פריהער ווי לערנען זיך ריידען,
האב איך שוין זיפצען געקענט.
פרעמד פון קינדערשע פריידען,
האב איך שוין דעם הונגער דערקענט.

מיין יוגענד? — איך קען אייך ניט זאגען
א יוגענד צי האב איך געהאט.
אלס קינד אין שאפ שוין געארבייט:
קיין מאל ניט געגעסען צוזאט.

מיין פאטער? מיין מוטערס פארפיהרער,
באלאנגט צו א העכערען קלאס:
ער שעהמט זיך, מיט איין איינפאכען ממזר
וואס שלעפט זיך ארום אויפ'ן גאס.

געעלטערט פון צרות אין יוגענד,
בעט איך נדבות אויף ברויט,
געבארען אין עלענד און צרות
זינק איך אלץ טיפער אוים נויט.

פאר'חלש'ט, פארשמאכטעט פון הונגער,
אין הארצען א ברענענדער האס,
פארלאזען, פארשטויסען פון מענשען,
מיין איינציגער פריינד איז די גאס!...

# מעלאנכאליע

פארכמארעט דער הימעל, עס רעגענט,
עס דריקט דאָס הארץ אזוי שווער,
ס'וויינט די נשמה, מיט טרוקענע אויגען
ניטאָ קיין טרעהרען שוין מעהר...

* * *

פארצווייפעלט, פאראומערט פון יאוש,
ווי ס'וואָלט אנאומגליק געטראפען,
אלעס פארפינסטערט און חשך,
קיין שטראהל פון בטחון און האפען.

* * *

און שווארצע רעיונות זיי פלאגען,
אין הארצען עס נאָגט, און עס נאָגט,
די גאנצע נאטור ווי פאראומערט,
— ווי עס וואלט מיין עלענד באקלאגט...

---

# טאג און נאכט

* * *

עס שטראהלט די נאכט מיט טויזענד ליכט,
— ביי טאָג איין זון, פון לאנג!...
און דאך פארדונקעלט ווערט די וועלט
מיט זונען־אונטערגאנג!...

* * *

דער שכל לייכט מיט שטראהלען פיעל,
— דאָס הארץ האָט איין באגעהר!...
דאָס לעבען דאך, ווערט שווארץ ווי נאכט,
ווען קיין ליעבע איז ניט מעהר!...

---

# עלענד

(א. מ. מאנדעלבוים — א מתנה)

אויף א שיף אין טיעפען וואסער,
קראנק, צובראכען און א בלאסער
האב איך עלענד ניט געפונען.
ווייל די שטערען און די וועלען
פון דעם הימעל בלויען העלען
האט מיט צויבער מיך באנומען...

אין די בערג בין איך געגאנגען,
אום דעם עלענד דארטען פאנגען,
און געזוכט האב איך איהם דארט.
נור וואו אלץ איז גרין ווי גראז
און עס בליהט מיט פראכט די רויז,
האט דער עלענד ניט קיין ארט...

אין דעם מדבר וויסטען, ברייטען,
וואו ניטא קיין גראז קיין קוויטען,
אלס איז טויט און פוסט און לעער.
די זון זי ברענט, די היץ איז קוועלענד
איך זוך אין נויט דעם טיפען עלענד
איך קען ניט פינדען מיין בעגער...

ביז אם ענדע אין די גאסען
פון א שטאט וואו גרויסע מאסען
אין גאלד און סאמעט האט שפאציערט.
איז דער וואונדער מיר געשעהן:
איך האב דעם עלענד דארט דערזעהען
פון דער איינזאמקייט געפיהרט...

---

# א מוטער

(מיין מוטער א מתנה)

---

די טיפקייט די טיפסטע,
די שטרעקע די לענגסטע
די שרעקען פון ברויזענדע ים'ן:
די שרעקליכסטע ליידען,
זיי קענען נים שיידען,
די ליעבע צום קינד פון א מאמען!...

---

דאָס קינד איז טייער,
זי וואָלט לויפען אין פייער,
אום לייכטער צו מאכען זיין שמארץ.
פאר דאָס קינד איהר לעבען
מיט שמחה געגעבען...
דאָס איז א מוטערס א הארץ!

---

אוממעגליך צו מעסטען,
דעם פיינסטען, דעם בעסטען
געפיהל פון א מוטער. — ס'איז בלינד
זי וואָלט דעם גן־עדן
פארלאָזען אין פריידען
אום אין גיהנום צו זיין מיט איהר קינד.

---

## צו איהר

דו בלייבסט פאר מיר, א שטראהל פון זיסינקע **חלומות**.
א שעהנער, זיסער טרוים, וואָס עראינערט **גליק**.
א טרויער — זיסע ליעד, וואָס ערוועקט **זכרונות**.
וואָס גלעטען ווייך, און צערטלען זיס, ווי אמאָל **דיין בליק**.

---

## אונמוט

שווארץ און פינסטער, איז דער הימעל,
שטיל און רוהיג, איז די נאכט.
בלויז דער רעגען, קלאפט אין פענסטער
וואו איך איינזאם זיץ פארטראכט.

און עס הערשט, א טויטע שטילקייט,
וועלכע קוועלט מיט וועה מיין הארץ,
אויך דער רעגען איז ווי מוטנע,
ווי געמישט מיט לייד און שמארץ.

ס'דריקט א שווערער, טיפער טרויער.
מיין זעלע. — עס איז מיעד.
דער וועה צוגיסט זיך אין'ם קערפער,
און עס קלעמט מיר יעדעס גליד.

**און אין הארצען,** — פינסטער, חושך,
דונקעל, ווי די גלות נאכט.
**און פאר'חלש'ט בלייב איך זיצען**
**פאר'יאוש'ט,** איינזאם און פארטראכט.

---

## פאראדאקס

ניטא קיין איינציגע פינסטערע נאכט.
דער טאג זאל נאכהער ניט שיינען א פראכט.
און די זון ווארפען מיט שטראהלען.
ניטא קיין גזירה, וואס האט קיין ישועה,
ניטא קיין וועהטאג, וואס האט קיין רפואה,
קארגע נאטור, ווי רייך דיינע קוואלען!

---

די וועלט איז א מיש־מאש פון זיפצען און לאכען
וואו איינינע לעבען, און טויזענטער שמאכטען,
לעבען אין לוקסוס, און שמאכטען אין נויט!
די וועלט איז פול מיט שרעקליכע ליידען,
געמישט צוזאמען פון שמערץ און פריידען
פון גרויזאמען לעבען און פלוצליכען טויט!

---

אויך מענש איז א מיש־מאש פון פחד און זיעג,
שטארק ווי א לייב און שוואך ווי א פליעג,
א רויבער, געקרוינט אלס שיצער פון רעכט!..
א פייגלינג, אן אויסוואורף, דער שטאלץ פון דער וועלט,
וואס האט פארקויפט די פרייהייט פאר געלט...
א הערשער. — וואס וויל זיין א קנעכט.

---

## היים-וועה

(נאך ש. פרוג.)

---

עס ציהט מיין נשמה אהין, וואו עס ליגט
דער אוראלטער מדבר צושפרייט.
וואו עס ציהט זיך זיין זאמד אוועק אזוי ווייט
ווי מיין שמארץ, ווי מיין לייד אזוי ברייט!...

---

צוגליהען וואלט איך, די פארלאשענע פונקען,
באלעבען פון האפען דעם ליכטיגען שטראהל,
און וויינען מיט טרערען, מיט זודיגע טרערען,
מיט בלוטיגע טרערען... — א קוואל!...

---

און זינגען וואלט איך דארט מיין ליעדעל די אלטע,
באוויינען דעם וועה פון א אידישער הארץ
באקלאגען מיין ארעמע פאלק און זיין גלות,
אויך מיין אייגענע ליידען און שמארץ!...

## לעבענס געזאנג

### (מיט אכטונג נחום אקאלאוו — א מתנה)

ניט דערצעהל מיר אז דער לעבען
איז א טרוים, — ס'איז פוסט און לעער!...
בלויז דער גייסט איז טויט וואס דרעמילט.
דאס איז וואס איך קלעהר.

* * *

לעבען ריכטיג! — הייסט לעבען אויביג.
און די אויסשפראך איז פארגרייזט:
„ביזט פון שטויב און שטויב וועסט ווערען"
מיינט מען ניט דעם הויכען גייסט.

* * *

גיב זיך זעלבסט אוועק דיין אומה,
ס'איז די גרעסטע זאך מיר שיינט,
זעה אז יעדער, יעדער מארגען,
געפינט אונז ווייטער ווי דער היינט...

## ריינע ליעבע

ניט ווייסענדיג וואס ליעבע איז,
ניט קענענדיג עס שפירען,
האב איך א פילאזאף געפרעגט,
ער זאל עס דעפינירען.
אומזיסט געוועזען איז זיין מיה
איך האב איהם ניט פארשטאנען;
און האב געצווייפעלט אויב עס איז
א „ליעבע" גאר פאראנען...

---

איך האב מיין מאמע דאן געפרעגט,
זי האט מיר ניט געענטפערט,
זי האט אויף מיר א בליק געטאן,
און עס האט מיר אלץ פארענטפערט...

יוסף גודמאן

## צופריעדנהייט

א קלייניגקע צווייגעל, גיב מיר א גרינע,
און ס'וועט מיר מיין לעבען ערפרישען.
ס'מעג זיך די וועלט זיין פארשנעהט און פארפראָרען,
וועל איך עס מיט פריהלינג באגריסען.

און זאָל דורכ'ן פענסטער, א שטראהל פון דעם הימעל
בגנבה, מיין צימער פארציערען.
און איך וועל דערפיהלען אין הארצען דעם זומער,
עס מעג זיך אין גאס אלעם פריהרען.

און זאָל נאָר א ווינטעל צו שלאָגען דעם וואָלקען
און צייגען פון הימעל די פראכט,
און איך בין צופריעדען, עס מעג זיין דער הימעל
פארדונקעלט אזוי ווי די נאכט!...

זאָל מיין געליעבטע מיר שענקען א שמייכעל,
א שמייכעל זאָל גלעטען, ערפרעהען די האַרץ.
און איך בין צופריעדען, ס'מעג זיין דער לעבען,
פארפינסטערט, פארכמארעט און שווארץ.

---

## די אונזיכערהייט

מורא'דיג שווארץ...
דער גרוי דונקעל חשך פון אויביגער צוקונפט,
די שאָטענס די שווארצע די שטרעבענדע מאכט
דער אויביג פארהילטער, דער מיסטישער לעבען
פון שרעקליכער לאנגער און רוהיגער נאכט...
ס'שרעקט זיך מיין הארץ!...

עס איז שווער...
שווער איז צו טראגען דעם גיהנום פון לעבען!...
שווערער פילייכט ווי דעם גיהנום פון טויט!...
עס קוועלט זיך מיין זעעל אין ביטערען עלענד,
עס גיסען זיך טרערען פון פינסטערען נויט.
א טרעהר נאָך א טרעהר!...

ס׳שרעקט מיך דער סוף!...
ווען כ׳וויים אז דאָרט ערוואַרט מיך מיין ליבסטע
ס׳פּלאגט מיך דער בענקען נאָך איהר אזוי לאנג
ווען כ׳וויים אז זי וואַרט באשטימט אויף מיר דארטען,
דאַן מאך איך וואָס שנעלער מיין לאנגזאמען גאנג
צום אויביגען שלאף!...

---

## ווינטער.

שטאָלץ מאיעסטעטיש, אין ווייסען געקליידעט,
פּארשנייט שטעהט דער בוים און פארפראָרען,
און חלום׳ט פון פריהלינג, פון זון, און פון רעגען,
ווען אויף דאָס ניי וועט ער ווערען געבאָרען.

די צווייגען, די בלעטער זיי וועלען זיך גרינען
דאָס פויגעל, וועט בויען ווידער איהר נעסט.
גרינינקע גרעזעלאך וועלען זיך סוד׳ן...
עס קימערט איהם וועניג די איצטיגע פרעסט:

— איך וואָלט אויך גאנץ שטאָלץ די קעלטען פארטראגען:
מיין שניי־ווייסען קאפּ און מיין עלטער.
פאר מיר אבער וועט שוין דער פריהלינג ניט קומען
פאר מיר ווערט דאָס לעבען אלץ קעלטער.

---

# דער שיקזאל

(צום אנדענק מײַן פארשטארבענעם פרײַנד פנחס קרושין)

איז א ווילדער וויסטער געגענד,
וואו דער סטעפּ איז לאנג און ברייט,
וואו פארדארט איז אלץ צוקארטשעט,
אלעס בלאס, אהן לעבען, טויט...
וויגט זיך איינזאם און באקלאגט זיך,
א שעהנע רויזען בלום א פּראכט,
און פארטרויט זיך אן דעם ווינטעל,
פון דער שטילער זומער נאכט: —
א ווי שרעקליך איז מיין לעבען!...
איך האב נור צער פון מיין גלאנץ...
קיינער וועט מיך ניט דערקענען —
ניט פארפלעכטען אין א קראנץ!...
איך וועל דא אזוי פארדארען
ניט באוואונדערט, ניט באוואוסט,
קיינער וועט פון מיר ניט הערען,
ניט דריקען ליעבליך צו זיין ברוסט!...״

— — — — — — — — — — — — — — —

אומבאוואוסט איז ער געשטארבען,
ניט באוויינט און ניט באקלאגט!..
געגעבען גערן פאר דער מענשהייט,
דאס בעסטע וואס ער האט פארמאגט....
ער איז געווען פאר גאט א תענוג,
פאר הויכע גייסטער בלויז א גליק,
פון נאטור אליין באוואונדערט
אלס א גרויסע מייסטער שטיק...
נור פון מענשען ניט פארשטאנען,
די וועלט פון איהם האט ניט געהערט
און ווי די רויז פון וויסטען מדבר
פון מענשען קיין מאל ניט באעהרט...

# אן איכה שטימונג

קיין וואלקען, קיין שטערען ניט פינסטער,
נאר דונקעל, און שטיל איז די נאכט.
די קלארינקע טייכעל, דער וועלדעל,
ציינען צו זיין ווי פארטראכט...

עס אטעמט דער ווינט מיט א שטילקייט,
וואס דריקט מיין צוּאווּעהטאגטע הארץ,
און פיהלט אן מיין זעלע מיט טרויער
מיט שרעקליכען וועה און מיט שמארץ.

ס'באהערשט מיך א וועה־מוטה א שטארקער,
א קלעגליכער, שמערצליכער וועה
אין וועהען פון שטילינקען ווינטעל,
הערט זיך אן איכה געשריי.

אן עכא פון טויזענדער זיפצען,
די לופט פון דער נאכט ווי ס'דריקט
עס פאר'סם'ט מיר מיין מח, מיין זעלע,
מיין האלז ווערט פון טרערען געשטיקט...

---

## פון מיין טאגע בוך

אויך א לעבען, אויך מיר יאהרען!
פול מיט צרות און מיט שמארץ!
ווען עס רעגענט ווי מיט לידען,
און עס קלעמט און רייסט דאס הארץ.

ס'הייסט א לעבען, לעב איך ארמוט
לייד פון דחקות און פון נויט,
קוועל זיך אימער, ליידע אויביג
ליידע, ליידע ביז דעם טויט!...

# ביים ים-סוף

**מה שקרה לאבות קרה לבנים**

עס ברויזן די כוואַליעס.
באַוואַרפן די סקאַלעס
מיט פּיענע מיט ווייסע אַצינד.
עס שטורעמט דער ים־סוף,
מאַכט בערג פון דאָס וואַסער,
וואָס ווערן געטריבן פון ווינד.

די שבֿטים אין מחנות,
פאַרציטערט צושראָקן,
זיי שרייען: — „אַ גאַטעניו העלף!"
דאָס וואַסער פון פאָרענט,
דער מצרי פון הינטן,
אַ הונגעריק סטאַדע פון וועלף.

די בעסטע חילות,
גבורים און ריעזן,
פוסגעהער און רייטער אָהן צאָל,
עס הערט זיך דער קלאַנג
פון פערד און כּלי־זיין
וואָס רוישט ווי אַ דונער אין טאָל.

אַ בת־קול באַפעהלענד
הייסט משה'ן: „געה פאָרווערטס
אין וואַסער פיהר זיי ניט שטעה!"
די שבֿטים פאַרציטערט,
צוטומעלט, צושראָקן,
שרייט איינער צום צווייטן „דו געה!"

דער שבט בנימין,
דער איננסטער פון אלע,
אויף קדוש השם לאזט זיך געהן.
די שבטים אוים קנאה
ווארפען נאך שטיינער: —
אין זיין חלק דער משכן וועט שטעהן.

---

דאס זעלבע וואס דארטען,
ביים שפאלטען דעם ים־סוף,
(וואס האט דען בנימין געוואלט?)
פאסירט אויך מיט אלע.
וואס זוכען אונז העלפען: —
זיי קריגען מיט שטיינער באצאהלט.

## ליל שמורים

די נאכט איז קיהל,
און אליץ איז שטיל,
ס'הערשט אין גאס א צויבער
אין שטוב איז ריין,
און אליץ איז שעהן
אויפגעראמט און זויבער....

די גרויסע שוהל,
מיט עולם פול,
פארפוצט אין נייע קליידער.
און שטיל פון קלויז,
מען געהט צו הויז
אפריכטען דעם סדר...

# ערב פסח

(זכרונות)

---

מירען, פענסטער ברייט געעפענט,
און די זון איזווארעם, ליכטיג
אויסגעוואשען, אויסגע׳כשר׳ט,
אלעס זויבער, אלעס ציכטיג.

אויסגעקאלעכט, ווייס די סטעליע,
אויסגעשמירט מיט געלע ליים
איז די ערדענע פאדלאגע,
און דאס הייזעל פון מיין היים.

צוגעגרייט איז אלץ אויף פסח
פרעהליך יום־טוב׳דיג אין שטוב.
אויך די פויגעל זינגען שירה,
אויף דעם גרינעם אלטען דוב.

אויסגעצוואגען שוין די קינדער,
יעדער האט א נייע קלייד,
און מיין מאמעס זיסער פנים,
שטראהלט מיט צערטליכקייט און פרייד.

אלעס איז שוין גרייט צום סדר,
עס ליגען מצות אויפ׳ן טיש,
אנגעגאסען וויין א פלעשעל,
אפגעקאכט שוין אויך די פיש.

מיט די קינדער פונ׳ם שטעטעל,
לויף איך אויך צום הויף פון שול.

וואו מען שפּיעלט אין ניט באצייטענס,
וואו די שמחה איז פאר פול.

— — — — — — — — — — — — — — —

פארשוואונדען זיינען פיעלע יאהרען,
חברים, גאט ווייסט וואו איהר זייט!
אין דער איצטיגער מהומה,
פיל'ייכט צו שטארבען פאר דער צייט.
שפּיעלען קינדער אויפ'ן שול הויף,
זינגט די פויגעל אויפ'ן בוים?
גאט ווייסט, וואס עס איז געווארען,
פון מיין אלטער, ליעבער היים!

---

## ימים נוראים־דיגע מאטיווען

שווארץ און פינסטער, איז דער הימעל
שטיל און רוהיג, איז די נאכט.
בלויז דער רעגען, קלאפּט אין פענסטער,
וואו איך איינזאם, זיץ און טראכט.

עס הערשט אין גאס, א טויטע שטילקייט,
וועלכע דריקט, מיט ווער מיין הארץ,
אויך דער רעגען איז ווי מוטנע,
געמישט, מיט מיינע לייד און שמערץ.

און א שווערער, טיעפער טרויער,
קוועהלט מיין זעעלע, וואס איז מיעד,
און צו גיסט זיך אין מיין קערפּער
קלעמענדיג מיין יעדעם גליעד.

כ'הער מיין שכן, זינגט „כל נדרי"
שמערצפול ליידענד איז זיין „קול"

פול מיט טרעהרען איז זיין שטימע
יעדער טרעהר א יאמער קוואהל.

ס'נעמט מיך דורך א שטארקער אומעט...
אין דער שטילקייט פון דער נאכט,
ווי פאר'חלש'ט, בלייב איך זיצען,
אין זכרונות, שטארק פארטראכט.

---

## צו א דיכטער

ווי שעהן דו קענסט נאטור באזינגען,
זאג, וואו נעמט זיך ביי דיר מוטה?
ווען די פארבען פון די רויזען
זענען רויט אזוי ווי בלוט?...

ווען עס מבול'ט ווי מיט טרעהרען,
און עס ווארימט ניט קיין שטראהל,
ווען מיט שטילע, טיעפע ליידען
וויינט ביי נאכט די נאכטיגאל?

ווען עס שטעהט דער בוים געזונקען
ווי אן אבל פול מיט שמארץ,
און די צווייגען זאגען קדיש
און דער יאמער דרינגט איין הארץ?

ווען די וועלט איז ברייט פאר אלע,
נאר פאר אידען איז זי שמאל:
ווען די וועלט, די זעלטען שעהנע,
איז פאר אונז א יאמער טאל?...

---

# זכרונות

עס טראגט זיך פון דרום א דונקעלע כמארע.
דער הימעל ווערט שווארץ, ווי אין טרויער פארהילט:
פינסטער די נאכט איז, און שטיל איז דאס שטעטעל...
מיט מורא און אומעט ווערט מיין הארץ אנגעפילט.

* * *

אין שטוב ביי דעם שיין פון א קליינעם „קאנאנטשיק",
וואס צאנקט אין א ווינקעל גאנץ דונקעל אין קיך:
זיצט זיך מיין באבע אויף דער הייסער „ליזאנקע",
פעדערען פליקט זי פון א טאפ נעבען זיך...

* * *

„כאדראם" געהען איהרע אלטינקע פינגער,
עס באוועגען זיך שנעל איהרע דארינקע הענט:
און מאכען פאנטאסטיש באוועגענדע שאטענס,
אויף די ווייסע געקאלכטע, יעצט דונקעלע ווענט...

* * *

זיס איז דער שמייכעל פון צוקארטשעטע ליפען,
מיט ליעבע און פריינדשאפט לויכט איהר געשטאלט:
פאר'חלום'ט די מילדע, די אלטינקע אויגען,
געקנייטשט פונ'ם עלטער, איהר פנים, עס שטראהלט...

* * *

עס לעבט אויף אין זכרון דער אלטיטשקערס יוגענד,
דער מוח וועבט בילדער פון זיסען אמאל...
ס'ווערט דער אלטינקערס הארץ אזוי פרעהלאך,
און שפיגעלט זיך אפ מיט ליעבע אן צאהל...

* * *

נאהענט געטוליעט צום שויס פון מיין באבען,
טרוים איך אלס אינגעל פון דעם וואס וועט זיין...
עס וועבט זיך פאר ביידען, פיעל גליקליכע בילדער,
אין פינסטערען שאטען, פון דונקעלען שיין...

---

# אין גארטען פון ראזען

(געזונגען מיט דער מעלאדיע)

## "In the Garden of Roses".

קום אריין אין דעם גארטען וואו ס'בליהען די רויזען,
און אטעם דעם זיסען פארפיום...
שטעה אויך אין די שטראהלען פון ליכטיגער זון,
פיעל דעם ריח וואס שוועבט דארט ארום!

דער רייצענדער גארטען פון רויזען,
געקושט פון דער זונען שיין,
זיי שפיגלען אין זיך אפ דיין זעעלע,
זייער פראכט איז אין גאנצען דיין:—

ווייס ווי דיין צארטע נשמה,
רויט ווי דיין ליעבע אהן שיעור...
דו ביזט מיין ראזע מיין פרעכטיגע ראזע,
די שעהנסטע די ליעבסטע ביי מיר!...

געליעבטער די רויזען וואס בליהען אין סאד,
וועלען וועלקענד אמאל פארגעהן,
די צייט מאכט נור שעהנער מיין ליבינקע בלום,
און באגאבט זי מיט אויביגען חן!...

דער רייצענדער גארטען פון רויזען,
געקושט פון דער זונען שיין,
זיי שפיגלען אין זיך אפ דיין זעלע,
זייער פראכט איז אין גאנצען דיין: —

ווייס ווי דיין צארטע נשמה,
רויט ווי דיין ליעבע אהן שיעור!...
דו ביזט מיין ראזע מיין פרעכטיגע ראזע,
די שעהנסטע די ליעבסטע ביי מיר!...

# לעגיאן מארש

געזוננגען מיט דער מעלאדיע
**"Marching Through Georgia".**

נעמט א ביקס, א שווערד אין האנד,
און קומט מיט אונז אצינד.
דער מגן דוד, רופט צו אייך,
רופט יעדען אידיש קינד:—

קומט מיט אונז אין קאמף פאר לאנד
פאר גאולה געהט אין שטרייט,
איהר האט באזארגט די גאנצע וועלט,
באזארגט אליין זיך היינט!...

כאהר:—

הויבט הויך, די פאהן,
פון ציון לעגיאן!
אין קאמף פאר לאנד,
שליסט זיך אלע אן!
צייגט ווי טריי איהר זייט צום פאלק,
טריי דאס הייליג לאנד,
מארשירט מיט אונז נאך ציון!...

פיעל לענדער האט איהר טריי געדיענט,
קיין מיה, קיין געלט געשפארט;
מיט פאגראמען און פאראכטונג
ט'מען אייך גוט באצאלט.

געטריבען האט מען אייך מיט צוואנג
פארגיסען אייער בלוט,
צייגט דער וועלט אז דער גלות ניט
גערויבט האט אייער מוט...

כ א ה ר :—

הויבט הויך, די פאהן,
פון ציון לעגיאן!
אין קאמף פאר לאנד,
שליסט זיך אלע אן!
ציינט ווי טריי איהר זייט צום פאלק,
טריי דאס הייליג לאנד,
מארשירט מיט אונז נאך ציון!...

געפינט זיך נאך א אידיש הארץ,
וואס פיהלט ניט, מיט אונז מיט?
די נשמה מוז פון אייזען זיין
פון פראסט און קעלט געשמידט...

אזעלכער האט קיין עהרע ניט
פון ערב רב ער שטאמט.
ער האט קיין פאלק, ער האט קיין לאנד
פאראכטעט און פארדאמט!...

כ א ה ר :—

הויבט הויך, די פאהן,
פון ציון לעגיאן!
אין קאמף פאר לאנד,
שליסט זיך אלע אן!
ציינט ווי טריי איהר זייט צום פאלק,
טריי דאס הייליג לאנד,
מארשירט מיט אונז נאך ציון!...

און ווען די טויב פון פרידען קומט,
פארוואנדעלט אייער שווערד
אייז אקער אייזען מאכט דערפון,
באארבייט דארט די ערד.

ווערט תושבים אין דאס נייע לאנד
פארווירקליכט אונזער טרוים:—
זאל פאלעסטינא זיין פאר אייך
און אויך פאר אונז אהיים.

כאהר:—
הויבט הויך, די פאהן,
פון ציון לעגיאן!
אין קאמף פאר לאנד,
שליסט זיך אלע אן!
צייגט ווי טריי איהר זייט צום פאלק,
טריי דאס היילינ לאנד,
מארשירט מיט אונז נאך ציון!...

---

## די גאולה איז געקומען

(צו זינגען ,,די מיזינקע אויסגעגעבען'')

העכער בעסער,
מאכט די רייען גרעסער,
גרויס האט אונז גאט געמאכט,
גליק האט ער אונז געבראכט,
פארשוואונדען ווערט די גלות נאכט.
די גאולה איז געקומען,
די גאולה איז געקומען.

זייט אלע פרעהלאך
דער איד ווערט א מלך,
מיר האבען זוכה געווען
די גאולה איצט צו זעהען
עס איז אם ענדע דאך געשעהן
די גאולה איז געקומען,
די גאולה איז געקומען.

ראובן שמעון
אלע אלע קומען.
זינגען לוסטיג א פרייהייטס ליעד:—
גאָט האָט באפרייט דעם איד,
פרעהלאך איז דאָס פאָלק אצינד.
די גאולה איז געקומען,
די גאולה איז געקומען.

ישראל'קעל גולם
וועק נאָר, וועק דעם עולם.
שריי נאָר אַז שטארק אויף זיי,
וואָס שוויינגען זיי וואָס שלאָפען זיי,
זאָל זיך הערען דער געשריי: —
די גאולה איז געקומען,
די גאולה איז געקומען.

חיים איז א מזיק
גאר א גאנצער קאזיק.
אַז עין־הרע זעהט נאָר זעהט,
מיט די „פיער'' ווי ער רעט.
אוי א שמחה אוי א פרייד:—
די גאולה איז געקומען,
די גאולה איז געקומען.

באלפורס דעקלאראציע,
און ווילסאָן'ס דעמאָקראציע,
גוטע בשורות אונז געבראכט:—
פאר א פאָלק אונז געמאכט.
הוליעט אידען די גאנצע נאכט.
די גאולה איז געקומען,
די גאולה איז געקומען.

---

# הבחור הזעצער

(אן אפשאצונג)

כ'האב א זעצער שטעה איך אויס.
פון איהם געברענטע צרות: —
מיינע בעסטע ליעדער זעצט ער אויס
אז זיי טויגען אויף כפרות...

* * *

אז ,,אידיליע'' געשאפט ניט לאנג,
איהר האט געהערט דערפון?
שרייב איך דאך אז זי איז ,,שלאנק,''
לאזט ער ארויס דעם ,,נון''...

* * *

דעם ,,צדיק'' פון ,,איהר צארטען בליק'':
פארבייט ער אויף א ,,ה''...
פון ,,העל און קלאהר, אזוי ווי שניי''
ווערט ,,געלע האר ווי שטרוי!''...

* * *

אזוי איז ער קיין שלעכטער מענש,
פון פיעלע ווערט געשעצט...
נאר זעצען זעצט ער, מעג ער באלד
כאטש ווערען גלייך צוזעצט...

---

# דיפלאמאטישע תורה

זאלסט זיך היטען פון א ליגען,
ניט צו זאגען גאט באהיט:
נאר דעם אמת צו באנוצען,
זאלסטו, קינד מיינס, קיין מאל ניט.

---

## וואָס דו ווילסט

וואָס דו ווילסט א דיכטער ווערען?
א באַרימטער ליטעראַט,
וועל, איך מוז די וואַרהייט זאָגען,
אויף „שפּאַצירען" ביזט א כוואַט.
אין דער ריפּמע פון די ליעדער,
ליגט א צויבערליכע מאַכט,
דיין סאַטירע, און די וויטצען,
זיינען גלענצענד גאָר א פּראַכט.
דאָך וואָלט איך דיר בעסער ראַטען,
ווייל איך בין מיט דיר באַקאַנט,
זאָלסט א שניידער בעסער ווערען,
האָסט דערצו נאָך מער טאַלאַנט...

---

## מיין מוטער שפּראַך

מיין „מוטער שפּראַך" ווי האָניג זיס
די ווערטער שעהנע קלאַנגען
זיי דרינגען אין מיין זעעל אריין,
ווי הימלישע געזאַנגען.

* * *

מיין „שוויגער מוטער". היט מיך גאָט,
איהר מויל קיין מאָל געשלאָסען
זי האַלט אין שעלטען, טאָג ווי נאַכט,
זי איבט איהר „מענה לשון".

* * *

## א לירישעס געדיכט

(געשיקט צו א פרוי אין יוראפ)

עס איז נאכט...
איך זיץ, און טרוים פון דיר.
איך זעה דיך איצט
ווי אמאָל, ליעבליך, גוט צו מיר....
איך האלט דיין האנד אין מיין,
דיין ברוסט איז הויך, די טאליע פיין,
דיין בליק זא מילד!...
דיין גאנצעס וועזען פול לעבענס לוסט,
דו נעמסט ארום מיין האלז און קושט
מיר אויס מיין יעדעס גליעד!...

* * *

איך בין גליקליך, און צופריעדען,
וואָס דו שווייגסט און רעדסט קיין ווארט,
וואָס איך קען דיין קוויטש ניט הערען,
ווי דו שעלטסט אין יוראפ דאָרט.

## שלאף, מיין קינד...

(מעלאָדיע „ספּי מלאדענעץ״)
(פּאראדיע)

ביי דיין וויגעל, זיצט דיין מאמע,
אין מאָדעס טיעף פארטראכט;
און דיין טאטע, מז־הסתמא,
קומט ערשט האלבע נאכט:
אין א „פּאוקער״ שפּיעלט דער טאטע,
פאר גרויס געלטוניו;
ער הערט די גאנצע וועלט אין פּיאטע,
שלאף זשע, זונעניו!...

אויפ'ן בוידים, האט ער „לעטסער'',
מאכט לינקע פאליטיק:
באקאנט איז ער אין אלע פלעצער,
אלס בלאפער, — אנ'אנטיק!...
פון „שטימען'' האט ער א קאלעקשאן,
טייער זונעניו!...
מתים וואוטען ביי עלעקשאן:
שלאף זשע ליו־ליו־ליו!...

אין קאנאדא פאיאצען,
קריגען גוט באצאלט:
הענט וואס קענען גוט זיך פאטשען,
האט מען זעהר האלט!...
און דיין טאטע, האט קולאקעס,
ס'פליהען פעטש אזש נו!...
ר'איז פרעזידענט פון די צבוע'קעס,
שלאף זשע, זונעניו!...

און ווי אלע פראסטע פייקערס,
האנדעלט ער מיט גאט:...
פאר'ן נאז, די אלטע הויקערס,
פיהרט ער פון'ם שטאט...
און ער רעדט פון טריף און כשר,
זיסער גאטעניו!....
ווען ער קען קיין עברי, אסור:
שלאף זשע, זונעניו!...

---

## סך הכל

דער אמת איז שוין לאנג באגראבען,
פריינדשאפט איז שוין אויך באנקראט:
לעטארניש שלאפט זיך דער געוויסען,
פון אלע נעטער, נעלט איז גאט...

# געלט

געלט, דו ביזט דער אונגעקרוינטער קעניג איבער אלע קעניגע. דו פארלאנגסט מעהר קרבנות ווי די פארצייטיגע געטער. געלט רעדט אויף אלע שפראכען עס איז אויטאקראטיש און אינטערנאציאנאל.

געלט, ווערט געמאכט פון וואסער (סטאק) אויף דער בירזשע און וואלל סט. פון פערפעסטעטע פלייש אין שיקאגא, פון שטאהל און קויהלען אין פענסילוועניע, פון גאלד אין קלאנדייק און פון שוויים, בלוט, מארד, טרערען און עקספלאאטאציע אויף דער גאנצער וועלט.

געלט איז די „עקסעל גריעז" פון אונזער דעמאראליזירונג און פארדארבענהייט. דו ביזט א ברכה פילייכט פאר יחידים אבער א קללה פאר דער גאנצער וועלט. אלס א מיטעל פון אויסבייט קענכטו קויפען אלעס א חוץ לעבען און צופרידענהייט.

דו קענסט אריינקומען אין אלע פלעצער חוץ אין א ריינע נשמה. געלט איז די מאס און טערמאמעטער מיט וועלכען מיר מעסטען אונזער ערפאלג. עס האט א גוואלדיגען איינפלוס. עס באאיינפלוסט די גערעכטיגקייט, ס'איז שוחד פאר אונזערע פאליטישענס, קארופטירט אונזערע מאראל היטער, פארבלענדעט אונזערע געזעצגעבער און פארפיהרט די גייסטליכע...

געלט איז די ערפינדונג פון דעם אשמדאי נאר ווי אלע ערפינדונגען האבען די צוקונפטיגע אויסבעסערער אזוי עס פארבעסערט און געבראכט צו דער שטופע פון פאלקאמענהייט אז דער טייוועל אליין האט זיך פון דעם אפגעזאגט.

דאס בוד איז ניט אזוי מעכטיג ווי דער פאקעט־בוד.

---

# ליעבע

ליעבע איז דאָס אנגענעהמסטע הארץ־קלעמעניש וואָס איז באקאנט אין דער מעדיציניִשער קונסט. דאָס איינציגע הייל־מיטעל אין איהר אויסווארצלונג, די איינציגע רפואה איז די אפעראציאָן וועלכע איז באקאנט אלס ,,הייראט"...

ווען אדם מיט חוה'ן האָבען פארלאָזען דעם גן־עדן האָט מען זיי אלס באלאָהנונג געשענקט די ,,ליעבע" דער טייפעל האָט גלייך באשאפען די ,,זעלבסט ליעבע" און מיר האָבען עס גלייך גענומען פאר אונזער וועג ווייזערין...

ליעבע ווען עס ווערט ניט אקאמפאנירט מיט ,,רעספעקט" ווערט עס פערפאלגט פון שווארצע פינסטערע שאָטענס פון ,,אויפערזוכט". ליעבע פאר א פרוי איז זעלבסט אפפערונג פאר דעם מאַן, — עגאָאיסטישע פארלאַנגען און א מיראזש פאר אלע. די אמת'ע ליעבע איז דער בעסטער און רייכסטער נדן וואָס א פרוי קען געבען, ווייל עס איז דער גרעסטער געשאַנק וואָס די קארגע נאַטור האָט געגעבען דער מענשהייט.

איך ליעב קינדער ווייל אין זייער שמייכעל שפּיגעלט זיך אָפּ די הימלישע אומשולד. איך ליעב פרויען ווייל א פרויען הארץ איז דער נ ע ס ט פ ו ן ר ח מ נ ו ת און די וויגעלע פון סענטימענט. און די מענער גלייך איך פאר זייער פאמיליען אלטרואיזם.

ליעבע, ערנסטע, אמת'ע, ריינע, אלל־פארגעבענד און זעלבסט אפּפערענד, דו ביזט געטליך, דו ביזט א הויכע מדרגה פון דעם אויבערמענש, עס איז די מיוזיק פון אונזער נשמה און דער ליכ־טיגסטער שטערען אויף דעם פארכמארעטען הימעל פון לעבען.

ליעבע אלס פארגעניגען ווערט נור דאן פארגרעסערט ווען מען טיילט עס אין צווייען....

ליעבע איז דער איינציגער קאמפּאַס וואָס קען פיהרען די הייראַט'ס שיף אויף די שטורמענדע וועלען פון דעם אקעאַן פון ,,לעבען"...

---

# דיינע שונאים

(געדאנקען און איינדריקע)

קענסט ניט האבען קיין ערפאלג אין לעבען, ניט האבענדיג קיין שונאים, פונקט ווי דו קענסט ניט האלטען א שטארקע פאזיציע ניט שאפענדיג קיין אפאזיציאן...

ווען דו ביזט גערעכט פאר אלע, מוזטו אלץ זיין אומגערעכט פאר אייניגע... א מיינונג איז ווי א היטעל, עס קען ניט זיין איין מאס און זאל קענען אלעמען גלייך פאסען. די מאראל ווערט ניט אימער גערעגולירט פון פארשטאנד, עס ווערט אויך דיקטירט פון אומשטענדען אין וועלכע מיר געפינען זיך. די איינציגע זאך אין לעבען פאר א דענקענדען מענשען איז צו טאן אלעס וואס דער שכל דיקטירט און דער געוויסען ערלויבט.

א מענש וועלכער איז נוצבאר קען ניט זיין פריי פון זארג: — יעדער מענש וועלכער איז היסטאריש פארצייכענט און איז געוואָרען באריהמט נאך זיין טויט האט דערפאר, פאר זיין אומשטערבליכקייט, באצאהלט אין לעבען מיט זיין פריעדען רוהע און אפטמאל מיט זיין פרייהייט...

וואס גרעסער דער מענש אלץ גרעסער זיינען די אפער וועלכע ער שענקט דער מענשהייט אויף דעם מזבח פון פראגרעס. וואס ברייטער די וועלט אלץ וויכטיגער גרעסער די נוצבארקייט, אלץ גרעסער די פאראנטווארטליכקייט, אלץ שטארקער דער מלחמת הקיום אלץ שטארקער ווערט ער באמבאדירט פון זיינע פיינד מיט דעם גיפט פון שנאת־חנם קנאה און האס...

אבער זא לאנג דער געוויסען שעהמט זיך ניט מיט דיר, און ער איז דיין פריינד, קימער זיך ניט וועגען דיינע שונאים...

# מיין צואה

מיינע פריינד ווען איך וועל אייך פארלאזען, זאלט איהר ניט מאכען נאך מיר קיינע הספדים, איהר קענט מיך נאך לויבען נאך׳ן

טויט פאר א זאך וואס איך האב זיך דערמיט געשעמט ווען איך האב געלעבט...

ברענגט ניט קיין בלומען צו פארצירען מיין קבר, איך גלויב ניט אז עס איז דא געגוג בלומען צו פארדעקען יענע גרויסע פעה־לערען און אויך עולות וואס איך בין באגאנגען ווען איך האב גע־לעבט.

שטעלט אוועק אן איינפאכען גרויען שטיין אלס מצבה מיט דער פאלגענדער אויפשריפט: — „זיין גאנצען לעבען איז ער גע־ווען א טרוימער ער האט געליעבט אלעס וואס איז ניי און לעב־האפט און האט געהאסט דאס אלטע אפגעלעבטע, און צופוילטע. ער האט ליעב געהאט די מענשהייט דעם כלל אבוואהל ער האט גע־זעהען די חסרונות פון דעם יחיד... ער איז אימער געווען געגען דעם שטראם פון דער אלגעמיינער מיינונג און איז געווען כמעט אזוי אונפאפולער ווי דער אמת״...

אויב די צוקונפטיגע דורות וועלען אייך פרעגען די באדייטונג פון דיזער אויפשריפט אויף מיין מצבה, זאלט איהר זיי זאגען: — ער איז געווען א מאדערנער פילאזאף געבארען געווארען פאר דער צייט... און דערפאר האט ער זיך ארומגעטראגען מיט א וואונד אין הארצען און מיט טרעהרען אין די אויגען. ער פלעגט אימער זא־גען: — אויב פרייהייט מוז מען געווינען דורך בלוט פארגיסונג און מענשליכע קרבנות, דאן וויל איך עס ניט!״ ער האט ערקלעהרט אז: „אויב פראגרעס מיינט מלחמה, האס שטרייטיגקייטען, הונגער, ליידען נויט, עלענד און דרוק דאן צום טייפעל מיט אזא פראג־רעס!״...

פארגעסט ניט דערמאנען אז עס איז געווען א צייט ווען דאס לעבען איז געווען א מיש־מאש: — פרייהייט איז געווען אין קיי־טען, גערעכטיגקייט איז געווען בלינד, און פארדארבענהייט און חוצפה זיינען געווען די אלל וועלטליכע הערשער. ער האט בא־טראכט דאס לעבען אלס א פארשטיקטער זיפץ אדער דער שמייכעל פון א שווינדזיכטיגען. די עקזיסטענץ איז פאר איהם געווען א טראפען בלוט, און א פונק פון פרייד א שרעקליכע קללה און א שטילע ברכה א ווינקעל פון גיהנום און א שטראהל גלימער פון הי־

מעל, א שטראהל פון זונענשיין אין דער פינסטער פון טיעפען אפ־גרונד...

ער האט געבראנדמארקט די גאנצע וועלט אלס שקלאפען און האט זיי געזאגט אז זיי ערנידערען זיך וואס זיי שטאלצירען מיט זייער שקלאפעריי...

ער איז געווען זעהר עהרליך און ערנסט אבער די וועלט האט איהם געהאלטען פאר משוגע.

## אייפערזוכט

אייפערזוכט איז דער קבר פון ליעבע און דאס געבורט און וויגעלע פון זעלבסט ליעבע. ס'איז דער סוף פון איינבילדונג. עס איז דער נעסט פון צווייפעל און דאס פארלוסט פון זעלבסט שע־צונג. — ווייל אויפערזוכט איז די אנערקענונג פון קליינקייט און נידעריגקייט...

דער צווייפעל פון אויפערזוכט איז א באליידיגונג פאר דעם צווייפלער. ווייל עס איז ניט מעהר ווי איין אפשפיגלונג פון זיינע־נע פרימיטיווע אינסטינקטען און די העסליכע אפשיין פון זיין קליי־נער נשמה.

אויפערזוכט פארוואנדעלט דעם הערליכען גלויבען אויף דעם שרעקליכען פארדאכט. די זיסקייט פון ליעבע אויף דעם ביטערען האס. דאס נאבעלקייט פון מענש אויף דער ווילדקייט פון דער חיה. און דעם גן־עדן פון לעבען איז א שרעקליכען גיהנום פון שמערץ און וועה.

אויפערזוכט איז דאס בעסטע שלאף געטראנק אום צו פאר־שלעפערען דעם גראדען שכל און פארדונקעלען דעם פארשטאנד מיט איין עמוד־ענן פון שרעקליכער פארצווייפלונג.

## ליעבע

ליעבע איז דאס איינגענעמסטע הארץ קלאפעניש וואס איז באקאנט אין דער מעדיצינישער וועלט. דאס איינציגע הייל־מיטעל. די איינציגע רפואה איז די אפעראציאן וואס איז באוואוסט אלס. — הייראט...

ווען אדם מיט חוה'ן האבען פארלאזען דעם גן־עדן האט מען זיי אלס באלאהנונג געשענקט די ליעבע. דער טייפעל האט גלייך באשאפען די זעלבסט ליעבע. און מיר האבען עס גלייך גענומען פאר'ן במקום.

ליעבע ווען עס ווערט נים נאכגעפאלגט מיט „רעספעקט" דאן ווערט עס פארפאלגט פון שווארץ פינסטערע שאטענס פון אייפערזוכט... ליעבע פאר א פרוי איז זעלבסט אפפערונג, פאר דעם מאן גאנץ אפט בלויז איין עגאיסטישער פארלאנג. די אמת'ע ליעבע איז דער בעסטער און רייכסטער נדן וואס א פרוי קען געבען. ווייל עס איז דאס גרעסטע געשאנק וואס די קארגע נאטור האט גע־געבען דער מענשהייט.

איך ליב קינדער, ווייל אין זייער שמייכעל שפיגעלט זיך אפ די הימלישע אומשולד. איך ליעב פרויען ווייל א פרויען הארץ איז דער נעסט פון רחמנות און דאס וויגעלע פון סענטימענט און די מענער ליעב איך פאר זייער פאמיליען זעלבסטאפפערונג.

ליעבע, ערנסטע, אמת'ע ריינע אלל פארגעבענד און קרבנות פעהיג. אזא ליעבע איז געטליך. עס איז די הויכע מדרגה פון גע־פיהל פון איין איבערמענש. אזא ליעבע איז די מוזיק פון אונזער נשמה. ס'איז דער ליכטיגסטער שטערען אויף דעם כמארנעם הימעל פון לעבען.

ליעבע איז אזא זאך וואס ווערט פארגרעסערט ווען מען טיילט עס אין צווייען...

ליעבע איז דער איינציגער קאמפאס וואס קען פיהרען א פאר פאלק בשלום אויף די שטורמדיגע וואלען פון דעם אקעאן — דאס לעבען.

---

*) דיזע ארטיקלען זיינען איבערזעצט פון דאס ענגלישע ביכעל „רייוויינגס אף א קרייזי פילאסאפער" פארפאסט פון דעם זעלבען שרייבער.

# צו דער מאמע אין גן-עדן

(מעשה'לע)

א נידעריג שטיבעל פון קלעצער, ארומגעשמירט מיט ליים, איז געשטאנען אונטער'ן בארג אביסעל אן א זייט פון דעם שמאלען שטויביגען דארף-וועג, וועלכער האט זיך געשליינגעלט פון בארג אין טאהל.

א שעהנער זומער טאג. די זוןווארפט איהרע שטראהלען אויף דעם וועג, אויף די גראז, וואס געלבט זיך און וועלקט פון היץ, און שפיעלט זיך אפ פארביג אין די צובראכענע שויבען פון די פענסטער פון דעם איינזאמען שטיבעלע...

צוויי קליינע קינדער, א אינגעלע און א מיידעלע, פארוויינטע, צוגעשפארט איינע צו די אנדערע, אויף דעם איינגעפאלענעם שוועל.

— „זיי האבען זי אוועקגעפיהרט אין א קאסטען”, האט דאס אינגעל געזאגט, „איך האב געפרעגט דעם גראבען מאן מיט דער גרויסער בארד: וואוהין נעמט איהר מיין מאמען? האט ער געזאגט אין גן־עדן. — וואו דיינקסטו איז דער גן־עדן?”...

— דאס מיידעלע האט גענומען שטארקער צו וויינען: — „נו מיר געהן אהין, איך וויל צו דער מאמען!”

דאס אינגעל איז א ווייל געשטאנען אומענטשלאסען, און אנ־נעמענדיג דאס שוועסטערל פאר'ן האנד האט ער שטיל געזאגט: — „קום נו!”

ארומקוקענדיג זיך יעדע ווייל, זיינען זיי שטיל אוועק צום וועג און זיך געלאזט געהן אין טאהל. די זון איז געשטיגען העכער און האט מיט איהרע שטראהלען געבראטען זייערע יונגע געזיכטער. און דער הייסער זאמד האט זיי געברענט די פיס...

— „מ'האט זי אוועקגעפיהרט מיט דעם וועג”, האט דאס אינ־געל געזאגט, „איך האב אליין געזעהען. דאס מוז זיין דער וועג צום גן־עדן, אבער פאר וואס זעהט מען ניט קיינעם געהן אדער פאה־רען?...

— „איך בין מיעד!” האט דאס מיידעלע איהם דארויף גע־ענטפערט, און האט זיך אוועקגעזעצט אויף די גראזביים וועג, און

האָט זיך צוואָווײנט.

דאָס אינגעל איז געשטאַנען אַ ווײַלע און ענדליך האָט ער געזאָגט: — „עס מוז שוין זײַן גאָר נאָהענט. און ווען מיר וועלען אַהין קומען, וועלען מיר געפינען אונזער מאַמע און אפשר וועט זי אַרויסגעהן אַביסעל אַנטקעגען״.

דער געדאַנק אַז זי וועט זעהען אין גיכען איהר מאַמע, האָט זי אָפּגעפרישט. זי האָט זיך אויפגעהויבען און זיי זײַנען אַוועק ווײַ־טער.

די זון איז אַלץ געוואָרען נידעריגער, ביז זי האָט זיך אין גאַנ־צען באַהאַלטען הינטער דעם באַרג. דאָס אינגעלע האָט אַביסעל אונטערגעהונקען, זי האָט זיך קוים געשלעפּט און דאָך זײַנען זיי אַלץ געגאַנגען, ביז דער וועג האָט זיך אַביסעל פאַרקרימט און האָט זיי געבראַכט נאָהענט צו אַ ברעג טײַך. דער ברעג איז געוועזען באַ־וואַקסען מיט קליינע בוימלאַך, און פון וואַסער האָט זיך געהערט דער זעלטענער ריח פון וואַסער ליליען און ווילדע רויזען. אַ קליין שיפעל איז געווען צוגעבונדען צו אַ בוים. פאַרשידענע פייערען, פון די שיפלאַך וועלכע זײַנען געווען אויפ׳ן טײַך, האָבען געפינקעלט, געטאַנצט אין דעם קלאָהרען וואַסער.

דאָס אינגעל האָט אַ טאַנץ געטאָן פאַר שמחה. „דאָרטען, זעהסט! דאָרטען איז דער גן־עדן! איך בין זיכער אַז עס איז דאָר־טען, די מאַמע האָט מיר אַלע מאָל געזאָגט, אַז אין גן־עדן איז ליכ־טיג און גוט... זעהסט, דאָרטען האַלט אימיצער אַ לאַמטערן? דאָס איז די מאַמע, זי פלעגט שטענדיג האַלטען אַ לאַמטערן ווען איך פלעג אַרויסגעהן אין דער פינסטער. עס איז שוין גאָר נאָהענט, קום מיר וועלען אַרײַן אין שיפעל און פאָהרען צו איהר״.

— „עס איז אָבער אַזוי פינסטער הינטער די בוימער. איך האָב מורא!״ האָט זי געזאָגט.

— „קום דו נאַר, וואָס האָסטו מורא? איך בין דאָך מיט דיר!״ ער האָט זי אַרײַנגעזעצט אין שיפעל, האָט אָפּגעבונדען די שטריק און איז אַליין אויך אַרײַנגעשפּרונגען. דאָס שיפעל האָט זיך לאַנגזאַם גענומען ציעגען און שווימען אַלץ ווײַטער פון ברעג מיט

דעם שטראם, ער האט זי ארומגענומען, און אנגעשפארט איהר קאפ צו זיין ברוסט...

— „שלאף!" האט ער געזאגט, — „איך וועל דיך אויפוועקען ווען מיר וועלען אהין אנקומען..."

פלוצלונג האט ער דערפיהלט, אז זיינע פיס זיינען נאס. ער האט זיך איינגעבויגען און ער האט דערזעהען, אז דאס שיפעל, איז פול מיט וואסער, עס מאכט ניט אויס האט ער זיך געטראכט, מיר וועלען שוין זיין באלד דארטען.

פלוצלונג אין שאטען פון דעם שיפעל האט ער דערזעהען, ווי די מאמע זיצט, און מיט א שמייכעל ווינקט צו איהם, מיט א גע־שריי פון פרייד: „מאמע! מאמעניו!" האט ער זיך א ווארף געטאן צו איהר... — — — — — — — — — — — — — — — —

דאס שיפעל האט א ציטער געטאן, דאס וואסער האט זיך האסטיג א לאז געטאן, האט אנגעפילט דאס שיפעל, וועלכע איז מיט א קרעכץ ארונטער געזונקען אין וואסער...

ווען די לבנה איז ארויס פון א געדיכטען וואלקען, איז אלץ אויפ'ן וואסער געווען שטיל און רוהיג...

די צוויי יתומים'לאך האבען געפונען זייער מאמע אין גן־עדן...

---

# יאנקעל ווערט א קאנאדיען

— „קריך אביסעל שנעלער!" — דו „דייגא, וואס שלעפסטו זיך דארטען ווי א לאבסטער?!..."

יאנקעל האט דערפילט דעם דורכדרינגענדען בליק פון זיין איי־רישען „פארמאן", געריכטעט אויף איהם, ווען ער האט מיט אזא פאראכטונג איהם אנגערופען ד י י ג א, ער האט טרויעריג א שאקעל געטאן מיט'ן קאפ און מיט א רחמנות פנים אונטערטעניג געענט־פערט:— „מי נא דייגא מיסטער מעלאין, אי איז א ראשעין".

די אונטערטעניגקייט האט נאך מעהר געררייצט דעם „פארמאן" וועלכער האט מיט א ווילדען כעס אין זיין שטארקער באסאווער שטימע אויסגעשריען: — טא העל וויט יו! — ווער פרעגט דיך ווער דו ביזט? געה ארבייטען!"

יאנקעל האט זיך האסטיג גענומען צו דער ארבייט, האט הויך פארוואָרפען מיט דער „פיק״, און טיעף אין זיין מוח האט זיך גע־נומען פלאנטערען:

— אי איז ער איין אנטיסעמיט. — אי איז ער א שונא ישראל! שוין א יאהר אז ער, יאנקעל, ארבייט פאר דער שטאט אלס איינ־פאכער „לייבארער״ און דער איירישער איז דער ערגסטער פארמאן וואס ער האט געהאט. די וויסטע אמעריקא, מ׳הארעוועט ווי איין אייזעל און קוים, קוים מען מאכט א לעבען... זיין חנה׳לע וועט שוין אין גיכען ווערען פערציהן יאהר און זי וועט שוין באלד ענדיגען סקוהל וועט זי אפשר צו העלפען. משה׳לע איז ערשט דרייצעהן און ער איז מיט חנה׳לען אין דעם זעלבען קלאס, א גוואלדיגער מתמיד האט אויף זיך א גאונישע קאפ, זיין משה׳לע וועט זיין אמאל א לייט. אבער מען דארף צו זיי האבען אזוי פיעל. אט ערשט נעכ־טען האט משה׳לע געבעטען א דאלאר, פאר עפעס א פאר שיך עקסטרא אויף צו שפילען באל. ער האט עס קוים אויסגעוויינט. און חנה׳לע די קארגע, אויסגערעכענטע חנה׳לע האט איהם אויס־געהאלפען, זי האט געזאגט אז ער מוז עס האבען. ווייל ער איז דער קאפיטאן פון זיין סקוהל. און פייגעלע זיין איינגסטע, ערשט זעקס יאהר לעזט ענגליש ווי א וואסער...! ביי דעם געדאנק פון פייגעלען ווערט יאנקעל עפעס אנגעפיהלט מיט אזא צערטליכקייט אז זיין בליק פארלירט דעם כעס און ווערט מילד און צערטליך. פייגעלע! יא א טייערער מלאד׳ל איז זיין פייגעלע... און יאנקעל פארגעסט דעם פארמאן דעם רשע און פארלירט אפילו דעם האס צו אמעריקא.

* * *

אין אווענט ווען יאנקעל איז געקומען אהיים, זיינען איהם די קינדער באפאלען מיט א שמחה אז מארגען איז „האלידעי״ פול מיט התלהבות האבען זיי איהם דערצעהלט אז מארגען צעהן אזייי־גער אין דער פריה וועט ביי זיי אין סקוהל זיין איין „ענטערטיינ־מענט״ און „פוט־באל גיים״. זיי האבען איהם דערצעהלט פון פלעגס, יוניאן דזשעק, באל, סאנגס, ספיטשעס. ער האט געוואוסט. אז מארגען איז א יום־טוב, אז ער וועט ניט דארפען מארגען אר־

ביימען און וועט זיך קענען אביסעל אויסרוהען און וועו די קינדער האבען איהם געבעטען. ער זאל געהן צום סקול קאנצערט. האט ער פריהער ענטזאגט, אבער ווען משה'לע האט איהם ערקלעהרט, אז דער אריינגאנג איז פריי, עס דארף קיין געלט ניט קאסטען, האט ער נאכגעגעבען און האט זיי צוגעזאגט אז ער וועט מארגען געהן מיט זיי אין סקוהל.

ארום אכט אזייגער אין דער פריה האט ער זיך אויפגעכאפט פון דעם טומעל און ליארם פון די קינדער, וועלכע האבען געמאכט א גאנצען יריד. ער איז נאך אביסעל געלעגען אין בעט און אויסגע־גלייכט די מידע גליעדער, אבער איינשלאפען האט ער שוין מעהר ניט געקענט. ארום האלב נאך ניין איז ער שוין געווען פארפוצט מיט א שטייפען קאפעליוש, וועלכען ער האט געקויפט אין ראטער־דאם, נאך איידער ער האט זיך געזעצט אויפ'ן שיף וואס איז גע־פאהרען קיין קענעדא, און איז געווען גרייט צו געהן מיט די קינדער אין סקוהל.

ווען יאנקעל איז צוגעקומען נאהענט צו דעם גרויסען מויער האט זיך זיין הארץ גענומען צאפלען און „טיאכקען״. ער איז ארויפגענאנגען די ערשטע טרעפ, און איז געבליבען שטעהן אונענט־שלאסען, צי זאל ער געהן ווייטער אדער מאכען א „השיבנו נאזאד״: אזוי ריין, ציכטיג און אזוי גוואלדאוונע גרויס... איידער ער האט צייט געהאט קומען צו א באשלוס, איז צו איהם צוגעגאנגען א יונ־גע שעהנע פרוי, א פנים א לעהרערקע, און באמערקענדיג זיין אונ־ענטשלאסענהייט, האט זי איהם מיט א פריינדליכען שמייכעל גע־זאגט: — קומט גלייך ארויף! מיר האבען נאך ניט אנגעפאנגען. מיר ווארטען ביז אלע עלטערען פון די קינדער וועלען קומען און זיך צו זעצען אויף די פלעצער״.

יאנקעל אליין האט ניט געוואוסט, ווי אזוי עס איז געשען, נאר א ווייל'ע שפעטער איז ער געזעסען אין א פארפוצטען און דעקא־רירטען גרויסען זאל מיט נאך פיעל אנדערע ערוואקסענע מענשען. עפעס א געקאלירטער פארהאנג האט אפגעצאמט דעם אויבען אז פון וואנען עס האבען זיך געהערט לוסטיגע, פרעהליכע, קינדערשע שטימעלאך. א יונגע פרוי איז געזעסען נעבען א פיאנא, האט גע־

בלעטערט די נאטעז און געפיהרט מיט איין האנד איבער די קלאוויר-שען.

יאנקעל האט נאך קיין צייט ניט געהאט זיך ריכטיג ארומצו-זעהען, ווען מיט אמאל איז געווארען אין זאאל שטיל. דער שושקען האט זיך אויפגעהערט, און ער האט דערהערט ווי א מאן רעט עפעס ענגליש. ער האט נאר אזוי פיעל געקענט פארשטעהן. אז דער מאן דערצעהלט וואס פאר א יום־טוב דאס איז. ער האט ניט לאנג גע-רעדט, אבער ס'איז משמעות דעם עולם געפעלען געווארען. ווייל מ'האט איהם שטארק אפלאדירט.

עס האט זיך פון ערגעץ דערהערט א שטימע: ..מארק טיים!'' און פון הינטערן פארהאנג האבען די קינדערלאך גענומען שארען מיט די פיס, אלע אין טאקט, פונקט ווי א ראטע סאלדאטען אויף א ..סמאטר''. דעם פארהאנג האט מען אפגעשארט, און די קינדער. אין פארלאך, האבען ארויסגעמארשירט מיט פאהנען. פונקט ווי שמחת תורה, להבדיל, צו הקפות... דאס ערשטע פארעל איז געווען דעם פארמאנס 15 יאהריגער ..באי'', וועלכער האט געטראגען א גרויסע קאנאדישע פאהן. לעבען איהם איז געגאנגען זיין חנה'לע. איהרע שווארצע געקרויזטע האר, פארפלאכטען אין לאנגע צוויי צעפ און איבערגעבונדען מיט א רויטער סטענגע, האבען זיך שטארק געווארפען אין די אויגען אין פארגלייך מיט די רויטע האר פון מאלאנים ..באי''... חנה'לע איז געווען אנגעטאן אין א ריינער ווייסער קליידעל ווייסע שיך און זאקען. מיט א צניעות'דיגע פארב אין די באקען מיט א פייערל פון ענטהוזיאזם אין איהרע שעהנע שווארצע אויגען און מיט א שטראהלענדעם געזיכט האט זי אויס-געזעהען אזוי שעהן, אז עס האט זיך איהם געדאכט אז אלע בליקען זיינען געריכטעט אויף זיין שעהנער טאכטער. און מיט שטאלץ האט ער געהערט דעם שטילען מורמעל, וואס איז דורכגעגאנגען אין האל פון פילע מענשען וועלכע האבען זיך ניט געקענט איינהאלטען און האבען שטיל ארויסגעשעפטשעט זייער באוואונדערונג מיט די ווער-טער: ..ווהאט א ביוטי''! ..וואס פאר א זעלטענע שעהנהייט!''

א דונער פון אפלאדיסמענטען האט אויסגעבראכען. ווען די קינדער האבען געענדיגט, און מ'האט פארצויגען דעם פארהאנג...

א ווײַלע שפּעטער האָט מען אָפּגערוקט דעם פאַרהאַנג און זײַן חנה'לע איז געשטאַנען און האָט געזונגען עפּעס אַן ענגליש ליעדעל.

אַז זי האָט אָפּגעזונגען האָבען אַלע אַפּלאָדירט און מיט גרויס באַגײַסטערונג געשריען: — „קאַפּלאַנסקי! קאַפּלאַנסקי!'' און מען האָט אַזוי לאַנג געשריען ביז זײַן חנה'לע האָט זיך געמוזט נאָך אַמאָל צײַגען, א שעמעוודיגע מיט רויטינקע בעקלאַך פאַר'ן עולם און זיך פאַרנייגען.

די איבעריגע פּראָגראַם האָט איהם ניט אינטערעסירט ביז וואַנען מ'האָט אַנאָנסירט אַז אויפ'ן סקוהל הויף וועט מען גלייך שפּילען באָל...

ער האָט געזעהען, זײַן משה'לע איז עפּעס געלאָפען מיט א גרויסען לעדערנעם באָל, און נאָך איהם אַנדערע קינדער. ער האָט גענומען באַטראַכטען זײַן משה'לען עפּעס איז ער געווען אָנגעטאָן אין קורצע הויזען און א בלאָען „סוועטער'', אויף וועלכען עס איז געווען אויסגענעהט עפּעס אין ענגליש.

אַט האָט ער א בריקע געטאָן דעם באָל, און ווי א הירש גענומען לויפען איבעראַל איז ער געווען דער ערשטער. ער האָט אויך באַמערקט אַז די קינדער פאָלגען איהם ווען ער שרײַט עפּעס אויס. און ער האָט זיך דערמאָנט, אַז חנה'לע האָט געזאָגט, אַז משה'לע איז דער קאַפּיטאַן. ער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. עפּעס יעדער איינער לויפט נאָך דעם באָל און ווען ער קריגט איהם בריקעט ער איהם אַוועק. ער'ט אָבער געזעהען משה'לע איז דער אָנפיהרער, איז איבעראַל און איז כמעט אימער דער ערשטער. און ווען זײַן משה'לע האָט אַרײַנגעבריקעט דעם באָל עטליכע מאָל צווישען צוויי סלופּעס האָבען אַלע, דער גאַנצער עולם מיט התפּעלות באַגײַסטערט געשריען און געליאַרימט מיט צופריעדענהייט: „קאַפּלאַנסקי! קאַפּלאַנסקי!'' פּונקט ווי ער וואָלט געווען א גובערנאַטאָר אָדער טאָקי א קאַפּיטאַן, וואָס האָלט מלחמה און איז מנצח און געווינט א שלאַכט.

א שאַרפער פּיף. און ווען דער עולם איז געוואָרען שטיל האָט עפּעס איינער דורך א טרובע אַנאָנסירט אַז קאַפּלאַנסקי האָט נעוואונען מיט פינף קעגען צוויי...

אימיצער האט אויסגעשריען: — וואס איז דער מעהר מיט קאפלאנסקי?!

און אלע האבען געשריען: — „הי איז אלל רייט!״

זיין פאטער הארץ איז געווען איבערפילט מיט צופרידענהייט. זיין זון, זיין משה׳לע, זיין בן יחיד׳ל... געהענדיג אזוי פארטיעפט און גליקליך האט ער זיך אנגעשטויסען מיט זיין פארמאן, וועלכער איז געשטאנען, רויבערענדיג א גראבען סיגאר און גערעדט מיט עפעס א הויכען, גראב בייכיגען און פעסט געבויטען ענגלישמאן.

— ביי גאש, לוק! האט מאלאני געזאגט מיט א גוטמוטהיגען שמייכעל: „אט איז איינער פון מיינע דייגאס!״

יאנקעלעס אויסגעבויגענער רוקען האט זיך אויסגעגלייכט ער האט אפגעמאסטען זיין אירישען פארמאן מיט א פארעכטליכען בליק, און שטאלץ, קוקענדיג זיין פארמאן גלייך אין די אויגען האט ער שטאלץ אויסגעשריען: —

— „טא העל מיט יו! מי נא דייגא, מי קאנאדיען!״

---

# א גאסט אויף חנוכה

(א בילד)

דייוו דארפמאן, האט אנגעצונדען דאס ערשטע ליכטעל און אויף גיך אפגעזאגט די הנרות הללו, ער האט געדארפט פאהרען צום באהן און האט זיך אויף שנעל געגומען פארטיג מאכען צום וועג.

ער האט אנגעטאן א גרויסען פעלץ, האט זיך גוט פארגאר־טעלט. האט ארומגעוויקעלט זיין געזיכט מיט א גרויסער וואלע־נער פאטשיילע, האט אראפגענומען פון שטריק די וואלענע הענ־טשיקעס, וואס האבען זיך געטריקענט איבער׳ן אויווען. און האט שוין געוואלט ארויסגעהן.

„דייוו! פארגעס ניט מיטצונעמען א פאר קאלדרעס, און זאלסט איהם גוט ארומוויקלען, ווארים ער וועט נאך דערפראהרען ווערען״ — האט איהם זיין ווייב׳ס שטימע דערמאנט פון צווייטען צי־מער.

פעסיל! געה דערלאַנג מיר די קאָלדרעס, גוט וואָס זי האָט אונז דערמאָנט, אז ניט וואָלט איך דיר געבראַכט א פאַרפראָרענעם חתן.

פעסיל וועלכע איז געזעסען און האָט געגייהט האָט זיך האַס־טיג אויפגעהויבען און האָט ארויסגעטראָגען פון שלאַף צימער צוויי קאָלדרעס און א גרויסע פאַטשיילע.

— זאָל ער זיך נאָר גוט ארומוויקלען. אין דרויסען איז מסוכן. אזא פראָסט מיט א ווינט, און דער וועג וועט אויך זיין שטאַרק פאַרשנעעט, עס וועט דיר נעהמען היינט לענגער צו פאָהרען ווי אלע מאָל"... האָט פעסיל איהם געזאָגט.

— איך וועל עס מאַכען אזוי גיך ווי איך וועל נאָר קאָנען. אבי נאָר דער צוג זאָל זיך ניט פאַרשפּעטיגען. וועל איך זיין שנעל אהיים.

— איך וועל וואַרטען ביז איהר וועט קומען דו וועסט גע־ווים וועלען א גלאָז־טעה — און איך דאַרף נאָך אויפנייען די בלו־זע.

— אלל־רייט!

זי איז געבליבען זיצען ביי דער מאַשין א צייט איז זי געזע־סען פאַרטיפט אין איהרע געדאַנקען ביז דער זייגער האָט געשלאָגען זיבען, זי האָט האסטיג א דרעה געטאָן דאָס רעדעל פון מאַשין און האָט זיך גענומען צו איהר געניי.

איהרע געדאַנקען זיינען געווען אין איינקלאַנג מיט דעם רעדעל פון מאַשין, אויך זיי זיינען געלאָפען שנעל אין איהר מוח, יאָגענדיג איינע די אנדערע, און מאָהלענדיג איהר בילדער פון דער פאַרגאַנ־גענהייט, איהר הארץ האָט זיך געשראָקען פאַר דער צוקונפט.

— „ער וועט שוין באלד אָנקומען. נאָך א דריי פערטעל שעה!"

דאָס רעדעל דרעהט זיך שנעלער, און איהר געדאַנק פיהרט זי צוריק מיט צוויי יאָהר, ווען זי איז אָנגעקומען א גרינע מיידעל, צו איהרע פריינד, מ'האָט זי אמת ניט געלאָזט געהן ארבייטען. עס האָט איהר קיין זאך ניט געפעהלט, אבער ווי אונטערוואַרפען זי איז, וואָסערע ערנידערונגען זי האָט געדאַרפט ליידען אין דיזען לאַנד פון גלייכ־הייט און זעלבסטשטענדיגקייט: — פאַר די עלטערע קרובים צו אריסטאַקראַטיש און צו פריי, פאַר די יונגערע — צו קליין שטע־

טעלדיג. איהר נאמען פעסיע־טויבעניו, ווי די מאמע פלעגט זי רור־פען איז דא געוואָרען פעסיל, פאר די קרובים, און מים פירל פאר איהרע באקאנטע. און ביידע נעמען האבען ניט געפונען קיין צערט־ליכען ווידער קלאנג אין איהר יונגען הארץ זי האט ביידע נעמען געהאסט...

אה, ווען איינער זאל זי ארופטאָן פעסיע־טויבעניו! ווי גליק־ליך זי וואלט געווען. עס וואלט איהר דערמאנט אזוי פיעל, אזוי פיעל!...

דער פאדים פון מאשין רייסט זיך איבער, דאס רעדעל שטעלט זיך אפ, און איהרע געדאנקען בלייבען ווי אפגעהאקט. זי טוט א קוק ווידער אויפ'ן זייגער, וועלכער הענגט אויפ'ן וואנד געגען אי־בער דער מאשין, ציהט אריין דאס פאדים, טוט א דרעה דאס רע־דעל, און לאזט זיך ווידער אוועק אין מיש־מאש פון איהרע אי[illegible]ע־נע געדאנקען. זי דערמאנט זיך אן דאס ערשטע מאל, וואס ער האט זי געזעהען, ווי זי איז געשטאנען ביים וואש טאפ און האט געוואַ־שען וועש, ווי זי האט זיך פארשעמט און איז רויט געווארען, ווען זי האט באמערקט זיין בליק.

ער האט אפט גענומען אריינגעהן צו זיי, און ער האט איהר געמאכט א פארשלאג זיי זיינען געווארען חתן כלה. זי האט פאר־לאזען איהרע שטאט קרובים און איז געקומען צו איהר פעטער אין דארף, און איצט קומט ער אויך צו גאסט אין דארף און עס איז באשלאסען ביי זיי אז די חתונה וועט זיין נאך די וואך... זי קען זיך ניט אפגעבען קיין רעכנונג, אויב זי האט איהם טאקע ליעב. אמאל דענקט זי, אז ער איז צו אומוויסענד, ער איז צו עגאאיסטיש און זעהר קארג. אבער זי טראכט וועגען איהם מעהר ווי פון אלע איבעריגע יונגע לייט, וועלכע האבען זיך גע'שדכנ'ט צו איהר. און ווען זי וועט חתונה האבען וועט זי פטור ווערען פון אלע איהרע בעלי בתים, זי וועט ניט דארפען זיין אפהענגיג, זי וועט ווערען אליין א בעל הבית'טע, וועט האבען א הויז, אן אייגענע היים...

דאך עטוואס שרעקט זי. אן אומפארשטענדליכער צווייפעל, פארדונקעלט איהר פרייד, עפעס שושקעט איהר אין אויער און רופט ארויס א חשד וואס קלעמט זי ביים הארצען. — זי וואלט

וועלען אויפהויבען דעם פארהאנג, פון צוקונפט, וואָס פארדעקט פון איהר, איהר מזל, און עס רייסען זיך אויס ניט ווילענדיג די ווער־טער: — „ערגער קען דאָך ניט זיין, ווי גאָט וועט געבען, ווי מיין מזל וועט אויסטראגען!"

דער זייגער טוט ווי א ציטער און הויבט אן שלאָגען איינס, צוויי, דריי, זי כאפט זיך אויף פון בענקעל, ברענגט אין ארדנונג אלעס אויף דער מאשין, לויפט צו צום שפיגעל און גלעט צו איהרע האָר, די האנד איהרע ציטערט, זי הערט ווי דער שליטען האָט זיך אפגעשטעלט לעבען טיר.

זיי זיינען שוין דאָ! מ'דארף מאכען שנעל א גלאָז טהע. און איהר הארץ קלאפט גלייך מיט'ן זייגער טיק־טאק, טיק־טאק...

## חוה'ס און אייניקעל.

ביי א טישעל מיט אייז קריעם, זיצען א יונגע־פארעל. ז י א זעלטען שעהן מיידעל, שווארצע האָר, שווארצע אויגען א ווייסער פנים געריייטעלט מיט דער פארב פון פרייד, א שולמית.

ע ר — אן אינטעליגענטער בחור'ל א מין רוסיש־אידישער סטודענט. זוכט זי פאראינטערעסירען. ער רעדט שעהן, פון אידע־אלען פון ליטעראטור, זיין שפראך איז שעהן, זיין שטימע איינגע־נעהם, מ'זעהט, דער בחור'ל זוכט איהר צו געפעלען און ער קאָקע־טירט מיט זיין שכל, מיט זיין לאָגיק, מיט שעהנע פראזען און מיט זיין קענטנים.

זי האָט געענדיגט איהר „אייז־קריעם" און האָט א גענעץ געג־טאָן. ניט פארזוכענדיג צו באהאלטען עס. ער איז געבליבען שוויי־גענד, א ווייל'ע, ניט וויסענדיג וואָס ווייטער אנפאנגען צו רעדען.

„יו מאסט בי טייערד?" האָט ער מילד און מיט סימפאטיע געפרעגט, אלץ וועלענדיג איהר צו געפעלען.

— „ניין, האָט זי געענטפערט, איך בין פאראינטערעסירט אין דער גרינער „וואואל דרעסס" וואָס יענע מיידעל טראָגט. „איז'נט איט לאוולי? איט'ס וואנדערפול!..."

---

# ער און זי

לעצטען יאהר אין אנפאנג זומער, ווען דער וואלד האט זיך געגרינט, און דאס פעלד איז געווען פארציערט מיט פיעל פארבינגע בלומען, האבען זיי זיך באגעגענט.

בלויז ער און זי. הינטער זיי אין דעם שאטען פון צופריע־דענהייט, האט זיי נאכגעפאלגט דאס גליק.

גליהליך איבער גליקליך זיינען זיי געווען און זיי האבען בא־שלאסען זיך פאראייניגען און געהן צוזאמען אויף דעם לעבענס וועג, געפיהרט פון צופרידענהייט און גליק.

זיי האבען געלאזט דאס גליק געהן פאראוים. דאס גליק איז אבער געגאנגען צו שנעל און זיי האבען איהם גענומען נאכיאגען. אין דעם לויף האבען זיי צופרידענהייט געלאזען הינטער זיך און דאס גליק פאראוים און גאנץ ווייט.

און זיי זיינען פארבליבען אליין בלויז ער און זי...

# נעבאך בלינד

זי איז וואונדערבאר שעהן גראציעז און חנ'עווריג, זי קען בא־צויבערען יעדען מאנםפערשוין מיט איהר רירעוודיגקייט און איהר לאגישען פארשטאנד. איהר שטימע, איז זיס, אנגענעהם און קלינ־גענד, ווי דער קלאנג פון א זילבער קלאהרער טייכעלע וואס פאלט אין גרינעם טאהל.

ס'איז שווער צו באגרייפען אז זי איז נעבאך אזוי געשטראפט. זי איז אזוי ליעבענסווירדיג, אזוי לעבעדיג, פרעהלאך צופריעדען און גליקליך. ווען איהר קוקט אריין אין איהרע גרויסע שווארצע אויגען וואלט איהר אין קיין פאל ניט געגלויבט אז די זעלטען שעה־נע אויגען, פון וועלכע עס שפיגעלט זיך אפ די שעהנקייט פון איהר צארטער נשמה, האבען ניט קיין זעה קראפט.

זי איז אבער שטארק בלינד. איך וויים עס באשטימט.

זי קען מיך. ניט אנזעהען.

# דער לעצטער בלוט שטורץ

דונקעל, טרויעריג און פּרעסענד איז געווען די שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין טויטען צימער. עס האָט זיך בלויז גע־הערט דער שטילער קלאַפּען פון דעם זייגער, וואָס איז געשטאַ־נען אויפ'ן טישעל, לעבען פארשידענע רפואות פלעשלאך און אויך דער אטהעם פון דעם שטארבענדען, וועלכער איז געוואָרען אלץ שווערער, הייזעריגער און שמערצליכער.

אלע אין צימער האָבען געפיהלט, אז זיי זיינען נאָהענט צום טויט, דער לעצטער בלוט שטורץ האָט ניט נאָר איבער־צייגט די געאיבטע „נוירס", אז דער סוף איז נאָהענט. נאָר אויך אלע שטוב מענשען האָבען עס געוואוסט.

די מעלאנכאליע וועלכע האָט זיי אלעמען ארומגענומען איז געווען פריי פון שרעק. די לאנגע קריינק פון דעם שטארבענדען האָט זיי אלעמען צו א געוויסער שטופע פארבארייטעט. עס האָט געפעהלט יענע פיבערישע אומבאוואוסטהייט, וואָס האָפט געגען צווייפעל. עס האָט געפעהלט יענער קאמפף פון די לעבע־דיגע, וואָס קומט פאָר אין צייט פון א קריזיס אין יעדען קראנ־קען צימער, ווען די האָפנונג שטארבט אָפּ ביי די לעבעדיגע מיט דעם לעצטען אטהעם פון דעם קראנקען. אין דער אומבאוואוסט־הייט אין דעם צווייפעל שטראלט דער האָפען און באלייכט דעם קראנקען צימער.

אזא קראנקען צימער האָט נאָך אין זיך א פונק לעבען, אזא שמערץ לעבט מען דורך מען פיהלט עס... אזא וועה איז נאָך א לעבעדיגער ספאזם פון שמערץ... אזא געפיהל האָט די פרוי פון דעם שטארבענדען ניט געקענט פיהלען... עס איז געווען א טוי־טער געפיהל, זי האָט ניט געהאָפט און זי האָט זיך ניט געשראָ־קען, נאָר אלעס איז געווען שווארץ, דונקעל, שווער, שטיקענד. דער מוח פוסט דאָס הארץ לעדיג און ווי עפּעס א קאלטע אייז קאלטע האנד שטיקט פאר'ן האלז...

זי האָט ניט געפיהלט קיין שמערץ, קיין וועה, יעדער אבר שווער, ווי אָנגעגאָסען מיט בליי. און עס דאכט זיך איהר, אז

זי איז דאָס טויט, און זי וואַרט קאַלטבלוטיג מען זאָל קומען זי באַגראָבען... זי איז אָבער ביי איהר פולען פאַרשטאַנד נאָך אַלע געפילען, אַלע חושים זיינען טויט.

זי הערט ווי דער זייגער שלאָגט דריי, עפּעס שלאָגט דער זייגער היינט צו לאַנגזאַם, איינס, צוויי, דריי... זי הערט זיך צו לאַנגזאַם ווי עס טיק־טאַק'ט דער זייגער פּונקט ווי ער וואָלט גע־צעהלט יעדע סעקונדע...

דער שווינדזיכטיגער קראַנקער ליעגט מיט האַלב צוגעמאַכ־טע אויגען, ער פיהלט זיך איצט לייכטער, ווי אַלע מאָל. דער וועהטאָג און שאַרפע שמערץ, וועלכע ער האָט געפיהלט די לעצ־טע וואָך איז אין גאַנצען פאַרשוואונדען, ער פיהלט זיך אַביסעל שוואַך, מיעד אָבער דער מוח איז קלאָהר, און ער ווייס אויך אַז זיינע מינוטען זיינען געצעהלטע.

דער געדאַנק פון טויט אָבער מאַכט אויף איהם ניט קיין שטאַרקע ווירקונג, ער איז גאַנץ גלייכגילטיג... ער טראַכט ניט ווי וועגען זיין אייגענעם טויט, נאָר ווי פון אַ ווילד פרעמדען מענשען.

זיין בליק שטעלט זיך אָפּ אויף זיין פרוי און ער באַמערקט אַ רויטען בלוט פלעק אויף איהר ווייסער בלוזע — דאָס איז זיין בלוט, ער האָט עס פאַרשפּריצט ווען ער האָט געהאַט דעם לעצ־טען בלוט שטורץ.

—"טהו עס אויס"! "דאָס בלוט — זאָל ניט זיין אויף דיר!" האָט ער קוים, קוים אַרויסגערעדט. "איך וויל דיך זעהען ריין... ניט פאַרפלעקט...

די אָנשטרענגונג האָט איהם שטאַרק אָפּגעשוואַכט און ער האָט פאַרמאַכט צוגעמאַכט די אויגען.

זי האָט געווענדעט איהר בליק צו דער בלוזע און דערזע־הענדיג דעם רויטען פלעק האָט זי אַ שוידער געטאָן. איז שנעל אַרויסגעגאַנגען פון צימער און, נאָך געהענדיג גענומען עס פון זיך אַראָפּרייסען.

ווען זי איז געקומען צוריק האָט ער ווידער געעפענט די אויגען און ער האָט זי באַגעגנט מיט אַ שמייכעל.

— „יעצט קען איך דיך זעהען ווי דו ביזט: — ריין אונ־שולדיג, גוט!...

זיין יעדעס ווארט האט זי געשטאכען, זי האט געפיהלט א שרעקליכען וועה, א גוואלדיגע חרטה. דער געוויסען האט זי איצט גענומען פלאגען, זי האט זיך דערמאנט ווי אפט זי האט אויף איהם געבעטען דעם טויט, און ווי זי האט זיך ניט געקענט באהערשען און האט געגען איהם אזוי שרעקליך געזינדיגט... זיינע רייד, זיין שמייכעל, זיינע צוצויגענע קוים ארויסגערעדטע הייזעריגע ווערטער האבען זי געבראכט צום לעבען. האט זי ארויסגעשלעפט פון דער לעטארגישער מעלאנכאליע אין וועלכער זי איז געוועזען פארזונקען די לעצטע צייט. און זי האט אויסגע־בראכען אין א היסטערישען געוויין...

# ליעבע

ער האט זיך ליעב. דעם גאנצען טאג ארבייט ער שווער אום זיך צו ערנעהרען. זיין גאנצען פארדינסט פארשווענדעט ער אויף זיך. ער קויפט זיך שעהנע מלבושים ווייל ער וויל זיך זעהען אין שעהנע קליידער, עס איז פאר איהם קיין זאך ניט שווער צו טאן. ער קען אפשטעהן עטליכע מינוטען לעבען שפיגעל און קלייבען הנאה, באטראכטענדיג ווי שעהן ער קוקט אויס. זיינע אוועגטעגן פארברענגט ער מיט זיך אליין און ער איז שטארק צופריעדען מיט זיין אייגענער געזעלשאפט. ער דיסקוטירט ניט, קריגט זיך ניט מיט זיך אליין, און קריטיקירט זיך ניט. ער זוכט זיך אליין צו געפעלען, מיט דעם גרעסטען פארגעניגען ערפילט ער זיין קלענס־טען פארלאנג.

ער האט זיך באמת ליעב...

ער איז אבער איינזאם, ווייל ער קען ניט געפינען א צווייטע פערזאן וואס זאל איהם אזוי ליעב האבען, ווי ער האט זיך אליין ליעב.

---

# אידישע עסטהעטיק

די דעפינאציאָן, די באדייטונג פון דעם וואָרט ,,עסטהעטיק'' לויט נאָך וועבסטער, מיינט: די פילאָזאָפיע פון שעהנקייט. דאָס געפיהל. דער גוסט פון דעם מענשען, וואָס שאצט־אָפּ די שעהנקייט אין ליטעראטור, דראמא, קונסט, מיוזיק און נאטור.

ס'דוכט זיך, אין פלוג, אז עס קען ניט זיין קיין באזונדערע, קיין ספּעציפיש פארשידענע אידישע מיינונג וועגען שעהנקייט, עס דוכט זיך אז עס קען ניט זיין קיין אפּגעזונדערטע אידישע עסטהעטיק.

ווען מיר קוקען זיך אבער צו נעהענטער, ווען מיר דרינגען אריין אין דעם לעבען, זעהען מיר אז דער עסטעטישער געפיהל, איז ניט נאָר פארשידען אין נאציאָנען נאָר צו א געוויסער שטופע אויך ביי יחידים.

דער רוסישער זאגט: — ,,נא וקוס אי נא צוועט טאוואריש־טשא ניעט'' — אויף גוסט און קאָליר איז שווער צו קריגען א חבר. צוויי מענשען קענען ניט האָבען דעם זעלבען גוסט וואָס איינעם געפעלט קען דער צווייטער האסען.

אלזא די אבשאצונג פון שעהנקייט קען זיין פארשידען, איי־נער קען אידעאליזירען א בלאנדינקע ווען דער צווייטער זאָל פאר־געטערען א ברונעטען — די זעלבע זאך איז אויך אין ליטעראטור, דראמא, אין קונסט און מיוזיק, די אפּשאצונג קען זיין פארשידען לויט נאָך דעם כאראקטער, אינטעליגענץ, און באגריעף פון דעם מענשען...

וויבאלד אז עס קען זיין אז מענשען זאָלען זיך ניט אייניגען אין דעם באגריעף; זא לאנג יחידים קענען האָבען פארשידענע עס־טעטישע געפילען מוזען מיר זאָגען אז פארשידענע נאציאָנען, מיט פארשידענע קולטורען, אייגענארטיגע כאראקטערע און טעמפּערא־מענטען, זאָלען אלס נאציאָן האָבען אלס קלאס, אן אלגעמיינעם כאַ־ראקטעריסטישען באגריעף פון עסטהעטיק, וועלכער זאָל זיין גאנץ פארשידען, זאָל זיין איינשטימינג און אין אקקארד (אין איינקלאַנג) מיט זייער קולטורעלען און נאציאנאלען לעבען.

אויב אזוי שטעלען מיר זיך די פראגע: —
וואס איז אידישע עסטהעטיק?...

גו מיר זיך פארשטעלען א גאלערי פון קונסט בילדער, די ביל־
דער זיינען צוגעשיקט געווארען ביי גרויסע קינסטלער אין קאמפע־
טיציאן און מ'האט אויסגעקליבען דריי מענשען א פראנצויז א
דייטש און א אידען אז זיי זאלען ערקלעהרען ועמען, פון די קינסט־
לער מ'זאל באלוינען מיט א פרייז. די דריי וואלטען זיך זעהר שווער
פאראייניגט ווייל מיר גלויבען אז יעדער איינער פון זיי וואלט גע־
האט א פארשידענעם געפיהל וועגען שעהנקייט. זייערע באגריפע פון
עסטהעטיק וואלטען געווען פרעמד איינער דעם צווייטען: — דער
פראנצויז וואלט געזוכט די נאטור שעהנקייט און וואלט דערפאר
געזוכט זיין מייסטערווערק אין די מיטהאלאגישע בילדער. די נאַ־
קעטע שטריכען פון דער נאטור וואלטען שטארק אפעלירט צו זיין
ארטיסטישער נאטור, ער וואלט באוואונדערט די שעהנע פארמען
פון דעם קערפער, ניט מערקענדיג די פרעכהייט און די חוצפה....
דער דייטש אלס פילאזאף וואלט געפונען שעהנקייט אין דעם סימ־
באל פון דער בילד, ער וואלט געזוכט א קריטיק אויף דעם לעבען,
א סאטירע אויף דער געזעלשאפט מיט איין ווארט ער וואלט געזוכט
די לעקציאן דעם מאראל וואס דער קינסטלער האט באהאלטען אין
זיין קונסט ווערק. דער איד וואלט זיך אויך גערעכענט מיט פאר־
בען מיט נאטור טרייהייט אבער ווייל עס וואלט איהם אפגעעקעלט
פון דער חוצפה'שער ,,וועניס'' (די געטין פון שעהנהייט) וואלט ער
געווען אין איינע התלהבות פון דער שעהנקייט פון א שולמית
(א פאסטושקע).

אין מיוזיק ווערט דער איטאליענער באצויבערט פון רעש'דיגע
קלאנגען געשריבען אין א הייכער סקייל, דער דייטש גלייכט זיין
,,וואגנער'' מיט די דונערענדע און בליצענדע קלאנגען, דער פראנ־
צויז וועט אפלאדירען די שאנטאן ליעדעל, דער אמעריקאנער איז
פארקאכט אין ,,רעג־טיים'' דער איד קריגט התפעלות פון ,,אבינו
מלכנו'' פון ,,אלי אלי למה עזבתנו'', אדער ,,מן המצר'' פון
מאגולעסקא, ער גלייכט מיוזיק אבער ער גלייכט די ווייכע טענער
וואס זיינען געשריבען אין א ''מינאר'' די מיוזיק וועלכע גלעט.

לאכט ניט הילכיג, וויינט שטיל אז עס פארנעהמט ביים הארצען און פרעהט זיך מיט דעם פולען הארצען אבער אן גוואלדען אן געשריי און אן געפילדער...

אין ליטעראטור דער „זיידע" און „שלום עליכם" און אלעם וואס איז אידיש, ריין אידישע ליטעראטור וועט איהר געפינען פיעל רעאליזם מ'רעט גאנץ אפען און מ'גיט אנצוהערעניש אבער עס פעהלט דער רעאליזם פון עמיל זאלא און אנדערע פראנצויזישע שרייבער. די שפראך פונ'ם אידען איז ריינער די אויסדריקע אנשטענדיגער בעלי בית'שער, דאס איז דער אידישער געפיל...

דער איד אלס עסטעטיקער גיט צו אז די זון איז שעהן, פראכט־פול, ער גלייכט אבער ניט איהר שטאלץ, דעם ברען און היץ, ער גלייכט בעסער די בלאסע, קאלטע לבנה מיט איהר נעלאסענהייט...

ס'איז קיין צווייפעל אז דער איד האט א ספעציפישען געפיהל פון עסטעטיק, ס'איז א ריין אידישער געפיהל, ס'אין א געפיהל וועלכער האט זיך אויסגעארבייט אויף דעם באדען פון זיין אייגענער קולטור. זיין אידעאל פון שעהנקייט איז גאנץ פארשידען. ווייל דער הויפט פרינציפ פון זיין עסטעטיק איז — צ נ י ע ו ת...

## בקור חולים

איינע פון די שעהנסטע אידישע מדות איז אמאל געווען צו באזוכען א קראנקען; מיר זאגען שעהנסטע מדות, ווייל א קראנקער פיהלט זיין עלענד, זיין איינזאמקייט מעהר ווי א געזונטער מענש. ווידער געהן אויף א שמחה זיך פרעהען מיט יענעם איז אנגענעהם. געהן אבער הערען די קרעכצען פון א קראנקען איז ניט קיין פארגעניגען נאר א מענשליכער אדער אויבערמענשליכער, פארלאנג צו טרייסטען יענעם, צייגען א געוויסען מיטגעפיהל, און עס איז מעהר אדער ווייניגער אלטרואיסטיש, ערהאבען, שעהן און גוטהארציג צו באזוכען יענעם ווען עס פארשאפט אונז ניט פערזענליך קיין פארגעניגען.

מיר זיינען דא מעהרסטענס פרעמד און עלענד אהן פריינד, אהן קרובים. און אמאל אויך אהן נאהענטע באקאנטע און לאנדס־

לייט, פיעלע גרינגע קומען אַז וועלכע האָבען דאָ קיינעם און ווען חלילה עס טרעפט אַז איינער פון די גרינגע ווערט קראַנק שיקט מען איהם אַוועק אין אַ קריסטליכען האָספּיטאָל.

דער חולה איז אַ גרינגער רעדט קיין ענגליש וואָרט און פאַר־שטעהט ניט וואָס מ׳רעדט מיט איהם שטעלט זיך פאַר זיין ביטע־רע שרעקליכע עלענד. זיין בענקען, זיין לייד און זיין פּיין איז ניט אויסצושרייבען, אַ מענש ווען ער איז געזונד פיהלט ער ניט אַזוי שטאַרק זיין איינזאַמקייט, ער איז פאַרנומען, מיט זיין אַרבייט מיט זיין באַשעפטיגונג אָבער שטעלט זיך פאַר אַ מענשען וועלכער ליגט אין בעט טוט קיין זאַך, קען ניט אויסריידען מיט קיינעם קיין וואָרט און ליגט נאָר און ־ דענקט, דענקט וואָס פאַר שרעקליכע טרויעריגע פינסטערע מחשבות, וואָס פאַר שמערצליכע געדאַנקען עס טראַגען זיך אין זיין מוח און מאַכען זיינע קערפּערליכע שמער־צען נאָך גרעסער, נאָך טיעפער, נאָך שמערצליכער און נאָך קוועלענ־דער.

עס זיינען דאָ האָספּיטעלער און אין זיי ליגען פיעלע אידען און אַ סך פון זיי זיינען פרעמדע גרינגע אידען, אידען וועלכע האָבען איבערגעלאָזען אין דעם היים פאַמיליען, פריינד, קרובים, באַקאַנ־טע; אידען וועלכע זיינען געווען אין דער אַלטער היימאַט שעהנע אַנשטענדיגע בעלי־בתים און דאָ ליגען זיי איינזאַם עלענד פאַרגע־סען פון דער גאַנצער וועלט ניטאָ מיט וועמען אַ וואָרט אויסצוריי־דען ניטאָ פאַר וועמען אויסגיסען די ביטערע האַרץ. ניטאָ קיין איינ־ציגער מענש אין אַ שטאָט פון טויזענטער אידישע איינוואוינער וועלכער זאָל קומען איינמאָל אין וואָך מבקר חולה זיין. עס איז ניטאָ קיין איינציגע אידישע האַרץ וועלכע זאָל מיטפיהלען זייער בראָך. עס איז ניטאָ קיין אויג וואָס זאָל פאַרגיסען אַ טרער אויף זייער שרעקליכען בראָך אויף זייער ליידען און פּיין. ניטאָ קיין מיטלייד מיט דיעזע אומגליקליכע, אויסגעלאָשען דער פונק פון רחמנות אין דער אידישער גאַס, ניטאָ קיין טרייסט וואָרט פאַר עלענד ניטאָ קיין מיטגעפיהל פאַר דעם קראַנקען.

דער אידישער קראַנקער פיהלט עס נאָך מעהר ער פיהלט זיין עלענד נאָך טיעפער נאָך שרעקליכער נאָך קוועהלענדער. ווען ער

זעהט אלע טאג אז עס קומען הונדערטע קריסטליכע באזוכער פון פארשידענע רעליגיעזע און וואלטעטיגע פאראיינען מיט פרוכט מיט בלומען און טרייסט ווערטער מ'קומט צו איהם אויך ער קען אבער מיט זיי ניט ריידען. ער פארשטעהט זיי ניט זיי פארשטעהען איהם ניט, און עס ענגבערט אין מוח ביי דעם קראנקען: — וואו זיינען מיינע אייגענע ברידער און שוועסטער, ס'איז דאך דא אזא גרויסע אידישע באפעלקערונג עס זיינען דאך דא אזוי פיעל כלל טוער אזוי פיעל כל ישראל בעראבאנטשיקעס, טשאריטי באלל מא־ כערס, סאסייעטים מיט סאסייעטעלעך, עס זיינען דאך דא אזוי פיעל גאט סטראפטשעס חטאים זוכער און מצוה קלייבער וואו זיי־ נען זיי? ווארום וואקסען זיי אויס צו א בענקעטעל פאר א נדול. א מלוה מלכה'לע סעודה'לע א שמחה'לע?...

* * *

איינע פון די שעהנסטע מדות איינע פון די ערהאבענסטע אי־ דישע זיטען איז אמאל געווען בקור חולים, אבער עס איז געווען אמאל, אמאל האבען מיר געהאט די מ ד ה נאר עס איז געווא־ רען אויס מ א ד ע...

## העפליכקייט און יחוס

אלס אידען האבען מיר געמאכט גוואלדיגע פארשריטע אויף דעם וועג פון פארשריט, אבער ווען מיר באטראכטען דעם א מ א ל. מיט דעם א י צ ט ווען מיר קוקען זיך צו נעהענטער צום לעבען פון ה י י נ ט און פארגלייכען איהם מיט דעם נ ע כ ט ע ן. זעהען מיר אין פיעלע הינזיכטען א גוואלדיגען ריקשריט: — פיעלע זיטען ריין אידישע און פראכטפולע זיטען וועלכע זיינען פארשוואונדען פון דער אידישער גאס, זיטען וועלכע מ'האט מיט אלע מעגליכקייטען נעדארפט פארהאלטען ניט נאר פאר דעם ה י י נ ט, נאר מ'האט עס מיט אלע מעגליכקייטען באדארפט זעהען איבערגעבען בירושה אויך פאר דעם מ א ר ג ע ן.

אין דעם האסטיגען איבערגאנג, אין דעם שנעלען לויף פון דעם צייט־גייסט, ווען מיר האבען מיט האסט פארביטען די יארמול־

קע מיט דער לאנגער קאפאטע, אויף א קאפעליוש מיט א קורץ רע־
קעל, ווען ביי דער שיין פון ציוויליזאציאנס שטראהלען האבען מיר
זיך האסטיג גענומען אויסראמען דעם שימעל פון אבערגלויבען און
דומהייט, וועלכע עס האט זיך אנגעקליבען אין אונזער גאס, דורך
דעם דרוק פון דעם לאנגען גלות, אט אין דיזער איבערגאנגס צייט,
איילענדיג האבען מיר צוזאמען מיט די מיסט אויך אויסגעקערט
פיעלע פערעל, פיעלע ספעציפיש אידישע זיטען, פון ריינעם אידי־
שען דרך ארץ, שעהנע, ערהאבענע, פראכטפולע מדות וועלכע זיי־
נען געייען אונזער ציהרונג מקדמת דינא, צוזאמען מיט דעם לאנג־
יאהריגע, שימעל, האבען מיר אויך פיעלע פערעל אבער געווען פון
דער אידישער גאס...

ס'איז זעהר ניט אנגענעהם צו פארלירען א ווערטפולע זאך.
דער פארלוסט איז אבער נאך גרעסער ווען מ'בייט עס אוים אויף
איין אונווירדיגען און שעדליכען גענענשטאט...

העפליכקייט, איז געווען א גייסטיגער ציהרונג פאר דער אי־
דישער נשמה „לפני שיבא תקום״: גיב אפ כבוד דער עלטער.
דיזע העפליכקייט פון דער יוגענד צו דער עלטער איז ביי קיין נא־
ציאן ניט געווען אזוי איינגעווארצעלט ווי ביי דאס אידישע פאלק...

אונזער יחוס, אונזער אריסטאקראטיע איז געווען אמאליגע
יאהרען, די אידישע אינטעליגענץ. מיר האבען געמאסטען יענעם'ס
יחום נאך זיין קענטנים, א תלמוד חכם איז געווען דער יחסן א
וואויל־לעהרנער, א קענער איז געווען דער גרעסטער אריסטאקראט
אבער לײדער האבען מיר אונזער העפליכקייט און אויך אונזער בא־
גריעף פון יחום פארביטען אויף שלעכטע מדות. די העפליכקייט
וואס האט געהערט צו דער גרויער עלטער גיט מען יעצט אוועק צו
דער שעהנער יוגענד אנשטאט עהרען דעם אלטען ווערט ער אויסגע־
לאכט און אמאליגער אריסטאקראט דער יחסן דער רב וועלכער איז
געווען אמאל דער פארשטעהער, דער הויפט פיהרער, קריעגט יעצט
מעהר אום'כבוד ווי שכירות מעהר באלייזיגונג ווי געהאלט ווער
רעדט פון דרך ארץ, אונזער יחסן פון איצט איז „די גילדערנע קעל־
בעל״, מיר מעסטען יעצט א מענשענס שכל, זיין אינטעליגענץ ניט
נאך דעם בוך נאר נאך דעם פאקעטבוך. געלט איז יעצט ניט נאר

דער יחוס, דער אריסטאקראט, נאר דער גראדוסניק מיט וועלכען מיר מעסטען א מענשענס שכל, אנשטענדיגקייט און קענטנים.

ס'איז זעהר א טרויעריגע ערשיינונג אבער ליידער זעהען מיר אז די אמאליגע ריכטיגע העפליכקייט פון דעם ריין אידישען דרך ארץ און אז די ריינע עטהיק פון אידישען יחוס איז אין גאנצען פארשוואונדען פון דער אידישער גאס.

עס טוט וועה, ווען מיר באטראכטען אז מיר האבען אונזערע פערעל פארביטען אויף אזעלכע ניט נאר אומוויכטיגע נאר שעד־ליכע און שענדליכע זיטען...

אין דעם לויף פון דער צייט האבען מיר אין האסט געמאכט פיעלע פעהלער אויסגעטוישט גוטע אויף שלעכטע מדות און זיך אויך אין דעם אויסבייט פיעל אפגענארט. נאך דעם ערגסטען אויס־בייט וואס מיר האבען געמאכט איז ווען יאגענדיג זיך נאך דער פרייהייט, האבען מיר זיך אנגעכאפט און האלטען זיך ביי הפקרות.

---

# לעזער

לעולם ילמד אדם תורה, ואחר כך יהגה.
(ברכות)

דאס בוך, דאס געדרוקטע ווארט, האט ביי דעם אידען אימער פארנומען א בכבוד'ען ארט. די יוגענד זכרונות מאהלען פאר דעם אידען אזעלכע בילדער, וואס מאכען דאס בוך, דאס געדרוקטע ווארט, כמעט פאר א הייליגטום. די פאנטאזיע שטעלט פאר די בילד פון דעם זיידען. ווי ער בויגט זיך איין און מיט דעם גרעסטען עהרע פורכט הויבט ער אויף אן אפגעריסענעם בלאט פון א ספר, עס זאל זיך, באהיט גאט, ניט וואלגערען אונטער די פיס. אדער עס דער־מאנט איהם די באבע, וועלכע פארגעטערט אזוי דאס הייליגע גע־דרוקטע ווארט אז ווען א ספר פאלט אראב הויבט זי עס אויף און גיט עס א קוש. איך גלויב, אז די אלע טראדיציאנעלע שטריכען וועלכע האבען אונזער פאלק געצייכענט אלס אן עם הספר, האבען

צו א געוויסער שטופע אונז באאיינפלוסט, אז מיר זאלען אננעמען יעדען געדרוקטען געדאנק, ווי אן אויטאריטעט, און מיר אדאפטי־רען דעם געדאנק אהן איבערלעגונג, אדער נאכפארשונג, ניט באַ־נוצענדיג אונזער אייגענעם פארשטאנד, אונזער לאגיק, אונזער איי־גענעם שכל.

די מעהרסטע צאהל לעזער טוען איינפאך ווי אין פסוק שטעהט. דער און דער שרייבער זאגט אזוי, אדער עס איז געווען געדרוקט, איז באנוגענד און צופרידענשטעלענד, אז מן הסתם איז דאס אזוי, און ער זוכט עס ניט צו רעכטפערטיגען אין זיין אייגע־נעם מח, באנוצענדיג זיין אייענעם שכל.

שאפענהויער זאגט: „דאס בוך איז ווי לאמטערנע אין דער פינסטער, אום צו האבען די פולע נוצען פון דעם, מוז דער מענש האלטען זיינע אויגען אפען, ער מוז באנוצען זיין אייגענע זעה קראפט".

אום א בוך זאל זיין נוצבאר, מוז מען באנוצען דעם אייגענעם פארשטאנד, דאס אייגענע אנאליטיק. מען מוז יעדער געדאנק און יעדע אידעע, וואס מען לעזט, אפוועגען אויף דער שאל פון אייגענע לאגיק און אפשאצען און אפמעסטען מיט דעם אייגענעם פאר־שטאנד, מען דארף באנוצען דעם אייגענעם זעה קראפט, דעם איי־גענעם מארך, אום דאס בוך זאל ברענגען אונז נוצען.

מיר וועלען זיכער ניט בלאנדזשען, ווען מיר וועלען באַ־הויפטען, אז ווען מען לעזט עטוואס ניט נאכדענקענד, איז עס ניט נאר אומנוציג, נאר שעדליך. ווען א מענש עסט פיעל און מאכט ניט קיין מאציאן, אום דאס עסען צו פארדייהען (רייזשעסטין). מעג ער עסען אפילו די בעסטע מאכלים, וועט עס שעדליך ווירקען פיזיש אויף זיין ארגאניזם. די זעלבע זאך איז אויך מיט גייסטיגע שפייז. ווען א מענש לעזט פיעל און באנוצט ניט זיין מארך, ווערט זיין פארשטאנד טעמפ און פארזשאווערט און פאראליזירט פון אומ־געברויך.

דו זאלסט אימער לעזען און נאכהער נאכטראכטען, איז די רעקאמענדאציאנען פון חכמי התלמוד. און זיי האבען פאלקאמען רעכט. א מענש קען לעזען די גרעסטע חכמות, לערנען די העכסטע

וויסענשאפטען, נאָר זאַ לאַנג ער האָט ניט באַנוצט זיין אייגענעם פארשטאנד, און האָט ניט ענטוויקעלט זיין אייגענעם מח, בלייבט ער אונוויסענד און נאַריש.

עס איז זעהר לייכט צו פארשטעהן. דער מענש, וועלכער לעזט און טראכט נאָך, דער מוז ווערען געבילדעט. דער אבער, וועל־כער לעזט און נעמט אלעס אַז בלינד, ניט טראכטענדיג וועגען דאָס געוועזענע, דער ווערט קיין מאָל ניט אויסגעבילדעט. ער ווערט נאָר איינגעבילדעט.

---

# אין א פינסטערען קעלער

## (א פורים עראינערונג)

---

פאסירט האָט עס מיט יאָהרען צוריק אין וויניפעג. עס איז געוועזען פורים צו דער סעודה. איך בין געזעסען אין א ליכטיגען צי־מער, ווארים, באקוועם מיט א סך גוטע מאכלים ביי א שעהן גע־גרייטען טיש, ארומגערינגעלט פון מיין פאמיליע און עטליכע גוטע פריינד, וועלכע מיר האָבען געלאדען אלס געסט פאר דעם אווענט. מיר זיינען געווען אלע שטארק פארטיעפט אין א ווארימען גע־שפרעך וועגען די פאסירונגען אין רוסלאַנד, וועגען דער קריעג מיט יאפאן, און איבערהויפט וועגען דעם גוואלדיגען שטראם פון אי־מיגראנטען וועלכע קומען פון דער אלטער היים אום צו געפינען דאָ א מקלט. מיר האָבען גערעדט וועגען אונזער פליכט ווי ווייט מעגליך מקרב זיין און העלפען די נייע אנגעקומענע אויף אזא ארט אז זיי זאָלען וואָס שנעלער ווערען זעלבסטשטענדיג און זיין אומשטאנדע ניט נאָר זיך, נור אויך אנדערע באהילפיג זיין.

ווען מיר זיינען געווען פארנומען אין דעבאטירען ווי אזוי מען קען דאָס אקאמפליצירען, האָט מען פלוצלונג אנגעקלאפט אין טיר. עס זיינען ערשינען דריי גרינע אידען. איך האָב זיי געקענט פער־זענליך אלס גרינע רעזערוויסטען וועלכע זיינען ערשט מיט א פאאַר וואָכען צוריק געקומען פון רוסלאַנד. איך האָב זיי געבעטען זיך זעצען צום טיש...

— ניין, גאספאדין גודמאן, מיר זיינען געשיקט געווארען צו אייך ניט איהר זאלט אונז צונעהמען פאר געסט. נאר מען האט אונז געשיקט מיט א „פריגלאשעניע“, אז איהר זאלט קומען צו אונז צו גאסט אויף אונזער קווארטיר און מיט אונז פראווען די סעודה. עס איז אונזער ערשטער יום טוב אין א נייע לאנד און מיר וואלטען געווען שטארק צופרידען אז איהר זאלט קומען און זיך משמח זיין מיט אונז.

איך האב די איינלאדונג אנגענומען, און ניט אכטענדיג אויף דעם „אין אורח מכנים אורח“ האב איך מיטגענומען מיינע פריינד און מיר זיינען אין דער באגלייטונג פון דער קאמיטע אוועק פראווען די סעודה מיט די גרינע, ניי אנגעקומענע אימיגראנטען.

דער פלאץ איז געווען אין בית יעקב שוהל, אבער ניט אויבען אן, נור אין דעם, דאן האלב ניט דערענדיגטען קעלער פון דער שוהל. וועלכען פלאץ מען האט פארוואנדעלט אין א הכנסת אורחים. אראפגעהענדיג פון די טרעפ, אין דער פינסטער האב איך זיך אויס־געגליטשט און בין אריינגעפאלען אין קעלער. עס האט מיר גענר־מען אביסעל צייט ביז מיין זעה קראפט האט זיך צוגעוואהנט צו דער פינסטערניש וועלכע איז געווען באלויכטען פון דעם דונקעלען שיין פון א פאאר קעראסין לעמפליך. דער שיין פון די פאררויכער־טע לעמפלעך האט זעהר מאט געלויכטען און איז געווען ארומגע־רינגעלט מיט אן עמוד ענן פון פארע און פארשטיקטע לופט. ארום א לאנגען טיש פון ברעטער זיינען געזעסען א מאן צוואנציג פון פארשידענע עלטער מיט פרעהליכע געזיכטער וועלכע האבען אונז פרעהליך און פריינדליך באגריסט ביי אונזער אריינקומען. א חוץ די וואס ארום טיש זיינען נאך פיעלע געזעסען אויף די בעטלעך וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט אין דער לענג פון דעם קעלער. לאזענדיג בלויז פלאץ פאר א שמאלען דורכגאנג.

אויפ'ן טיש זיינען געשטאנען עטליכע גלעזער, א גרויסער ווייסער קוילעטש, עטליכע צושניטענע הערינג, טעלער, גאפעל, מע־סער, און אין א ווינקעל אויבען אן אויף א טשער איז געשטאנען א בארעל ביער, וועלכעס א מאן האט געהאלטען אין עפענען און אריינקלאפען א קראן...

איך וועל ניט באשרייבן דעם טרויעריגן אויסזעהען פון דעם חשד׳דיגן קעלער. איך וועל ניט דערמאָנען די נאסע, ניט געפּלאָס־טערטע ווענד, דעם אויסזעהען פון די וועלכע האָבן מיך איינגע־לאדען. איך וועל ניט מאכען קיין פארזוך צו באשרייבן דעם גרי־נעם יונגענמאן וועלכער האָט געקאכט פאר די אלע גרינע אויף א צובראכענעם קאך אויוון וועלכער האָט מעהר געסמוקט ווי גע־קאכט די פארשידענע גרויסע טעפּ וועלכע זיינען געשטאנען און האָבן ארויסגעגעבן א פּארע מיט א ריח ניחוח פון ציבעלעס, בארשטש און אנדערע מאכלים וואָס האָבן געמאכט די לופט נאָך שטיקענדער, פייכטער און אונאנגענעהמער...

עס טוט מיר לייד וואָס איך בין ניט קיין מאהלער און האָב ניט דעם נויטיגען טאלאנט צו שילדערן פאר אייך די שרעקליכע, טרויעריגע, פינסטערע און הארצרייסענדע בילדער בעת איך האָב באטראכט די סצענע פון דעם קעלער... עס פעהלען מיר אויס שוואר־צע, גרויע, טרויעריגע, בלוטיגע, חשד׳דיגע פארבען אום צו מאהלען די טראגעדיעס וואָס יעדער ווינקעל האָט ארויסגעגעבן אויף שטום לשון. דעם גוואלדיגען טרויער, דעם אומגעהייערן עלענד וואָס האָט זיך געציינגט אין די פרעהליכע געזיכטער און פריינדליכען שמייכעל פון די אלע גרינע... איך בין צו שוואך עס צו באשרייבען און איך וועל דערפאר נור ארויסכאפּען עטוואָס פון דעם גרויסען לאבירינט פון מיינע זכרונות, עטוואָס וואָס וועט אייך געבען א קליינעם באגריף וואָס איך האָב געפיהלט אין יענעם אווענט פון פּורים. מיר האָבען גענומען צו עטליכע גלעזער ביער. די שטימונג איז געוואָרען אביסעל געהויבענער. איינינגע האָבען זיך געוויצעלט, אנדערע זיינען געזעסען מיט ערנסטע געזיכטער. א שמייכעל אויף די ליפּען און א פארוועהטאָגטען זיפץ אין הארצען...

ווען פּלוצלונג האָט איינער אנגעפאנגען זינגען אין א שעהן טענאר שטימע:

דער המן פון אצונד

אי איז דאָס א הונד...

און אלע האָבען אונטערגעכאפּט:

דאן וועט זיין מנוחה
אוי וועט זיין מנוחה...

ניט ווילענדיג האב איך גענומען באטראכטען דעם מקום מנוחה פון מיינע אריגע ברידער, געוועזענע חשוב׳ע בעלי בתים פון דער היים... א שרעקליכער וועהטאג האט דורכגענומען אלע מיינע גלידער און האט מיך געקוועהלט און געמאטערט... אין דער דונ־קעלהייט פון שטן האבען זיך מיר געצייגט שרעקליכע טרויעריגע בילדער פאמיליעס אהן פאטערס, און פאטערס און מוטערס אהן קינדער. זיי זיצען אויך ביים טיש, פראווען די סעודה אהן זייערע פאטערס, אהן די ליעבע קינדער וועלכע זיצען יעצט אין א קעלער. פרעמד, עלענד און פארצווייפעלט... ווייט פון דער היים, פון פריינד, פון באקאנטע. עס ווילט זיך וויינען, גיסען טרעהרען, היי־סע זודיגע טרעהרען אויפ׳ן פאלקס טרויער. און ניט ווילענדיג רייסט זיך ארויס א פארוועהטאגטער קרעכץ וועלכער מישט זיך צוזאמען מיט די זיפצען פון יענער זייט ים וואס קלינגט אפ אין דעם וועלט רוים און הערט זיך ווי א דונער איבער די בערג און צוטראגט זיך ווי א בליץ איבער די וואלקענס...

מען האט מיך געבעטען עטוואס זאגען. איך האב גערעדט. איך ווייס ניט ווי לאנג און איך ווייס ניט וואס איך האב געזאגט. עס איז געווען א תפילה, א געבעט פאר אונזערע קרבנות. עס איז געווען א באגייסטערטע שפראך פון א פראפעט וועלכער האט גע־וועקט האפנונג אין די הערצער וואס האבען אלעס פארלארען. עס איז געווען א ברכה פון א הדיוט מיט דער שטארקייט פון אז אמאליגען גוטען אידען... און מיינע נביאות איז מקוים געווארען: אלע וועלכע זיינען דאן געווען עלענד, פרעמד און האפנונגסלאז זיי־נען יעצט מיט זייערע פאמיליעס שעהנע בעלי בתים גליקליך, צו־פריעדען און מיר דערמאנען עס איצט אין א גוטען אופן.

געהענדיג אהיים האב איך אבער דאן באמערקט צו מיינע פריינד: אז דער לעבען פון גיהנום איז ניט אזוי שרעקליך, ניט אזוי טרויעריג און ניט אזוי גרוויזאם ווי דער גיהנום פונ׳ם אידי־שען לעבען...

---

# אין גייסטער לאנד

## א פאנטאזיע

נ‏יט ווייט פון נארד־פאל, אין דער נאכבארשאפט פון ,,אלטרוריע״: דארט וואו די ווארעמע זון באגעגענט זיך מיט דער קאלטער לבנה. און וואו די שווארצע נאכט קושט זיך מיט דעם ליכטיגען טאג. האט זיך באגעגענט דער אלטער אפגעלעבטער יאהר מיט דעם גייסט פון דעם נייעם יאהר.

דער אלטער גייסט איז געזעסען ביים טויער פון רוה־לאנד, א שוואכער אן אפגעצעהרטער, איין אויסגעמאטערטער. א סקעלעט אויף וועלכען די קליידער שמאטעס זיינען געהאנגען אויסגעשמירט אין רויטע בלאטע, דאס געזיכט שווארץ פון רויך און פולווער, די אויערען פארשטאפט מיט וואטע ער זאל ניט הערען דעם קראך פון די קאנאנען און די פארצווייפלונגס געשרייען פון די אומגליקליכע ברואים; זיין קאפ געבויגען פון שרעקליכען יאוש, מיט ארונטערגעלאזטע אויגען פאר שאנדע, האט ער ניט באמערקט און ניט געזעהען דעם צווייטען גייסט.

דער יונגער גייסט פון ניי־יאהר, א הוילער, א נאקעטער, ווי נאר וואס געבארען, מיט א שטראהלענדעס, פרעהליכעס געזיכט. מיט א שמייכעל אויף די ליפעלאך און א גרויסען פאק האפענונגען אויף די יונגע פלייצעס, האט זיך אפגעשטעלט, און באטראכט דעם יאוש פון דעם אלטען.

— האלא, אלטער! האט ער פריינדליך אויסגעשריען, קומסט שוין צוריק?...

— יא, מיין קינד, איך בין דא צוריק! געננג זיך צרות אנגעזעהען. אי וואס פאר א שלעכטע וועלט!... איך האב געפערדינט פרידען, און די קאנאנען שיסען פולווער... א מיאוס׳ע וועלט זוהן מיינער, מאכט הייסט רעכט, רויב הייסט ביזנעס. הפקרות הייסט פרייהייט, חוצפה ווערט פאררעכענט פאר אינטעליגענץ, מארד הייסט קולטור. נידערטרעכטינקייט הערשט אין אלע ווינקעלאך און געלט. געלט איז דער הויפט פיהרער פון לעבען...

פע א מיאוס׳ע העסליכע היפאקריטישע וועלט. א געמיינע אפגעלומפערטע וועלט, דאס לעבען האט קיין זינן, דער ש אַ־פונגס גייסט צושטערט, די פרייהייט איז אַ קייטען, דער אמת ליגט אין ד׳רערד, און די מענשהייט באדט זיך אין א ים פון טרעהרען און פארצווייפלונג.

זיי באשולדיגען מיך, א שווארץ יאהר, א שלעכט יאהר, דו גלויבסט ניט? נא זעה, וואס א משוגענער דיכטער האט אנגעבאנגען צו שרייבען וועגען מיר, זעהסט? נא לעז...

צום שווארץ יאהר.

פון פולווער, קאנאנען, פון צווייפעל און שרעק,
וואס וויל דאס לעבען צושטערען,
ווערסטו באגלייט אין פינסטערען תהום
באגלייט מיט זודיגע טרעהרען!...

מיט איין „עמוד הענן״, פון יאוש און שרעק
א מחנה טייפאלים... — א בהלה.
מיט טיפסטען וועה, פון שווערען קרעכץ
באגלייט דיך איצט א קללה....

נו זעהסט די דאנקבארקייט פון די מענשען קינדער, אזא גע־רעטעניש אויף דער וועלט, האבען געקענט לעבען רוהיג אין פריי־דען און וועהלטאג, זעהסט ווי מען שילט מיך מיט קללות פאר זייער שולד, פאר זייער אייגענע ווילדהייטען...

— און האסטו נאך ניט געמערקט קיין פארבעסערונג אויף דער וועלט? האט דען דער לויף פון דער צייט, דער איינפלוס פון די גייסטער, פון אזוי פיעל יאהרען, האבען זיי גאר ניט געווירקט אויף די נארישע פארפיהרטע און שלעכטע מענשען קינדער?...

— געווירקט? — אוי מיין קינד! יא, עס האט געווירקט, אבער אוי ווי שרעקליך! אנשטאט קליינע ארמעען, זיינען יעצט גאנצע מחנות, אנשטאט שיפען סאלדאטען וועלכע קענען זיך וועהרען. דערטרינקט מען אומשולדיגע פרויען און קינדער, אנשטאט מלחמה האלטען מיט׳ן שונא ראבעוועט מען פרידליכע בירגער אין בעלגיום.

מען שענדעט אונשולד אין פוילען און מ'מאכט פאגראמען אויף אידען...

יא עס האט געווירקט! אנשטאט די אפגעשאפטע שוואר־צע שקלאפעריי איז געווארען א ווייסע אינדוסטריעלע שקלאפע־ריי און אנשטאט הייליגע, רעליגיעזע מלחמות, פאר אידעאלען, פאר אמת, פאר א גלויבען, פאר פרינציפ, זיינען זיי יעצט ברידער מערדער פאר געלט, פאר עראבערונג, פאר רויב, פאר ביזנעס און באטרוג...

אך, יא זיי האבען פראגרעסירט נאר אז אך און וועה צו די־זען שענדליבען חוצפה'דיגען פראגרעס, צו דיזער שוידערליכער עקעלהאפטער אויסבעסערונג...

— נו און וואס טוען די אידען אין די נייטראלע לענדער?

— גאר ניט.

— ווייסען זיי דען ניט אז „צדקה עשה הקב'הו אם ישראל שפזרן לבין האומות". אז גאט האט געטאן דעם גרעסטען הסד מיט זיין פאלק וואס ער האט זיי צושפרייט צווישען אלע פעלקער אז אין צייט פון נויט זאלען זיי העלפען איינער דעם צווייטען?

— וואס מיר העלפען מען דעבאטירט, מען חקירה'ט זיך, אויב עס איז אידיש בלוט אדער מענשען בלוט נאכלעסיגקייט עם הארצות. גראביאנסטווע, כבוד זוכעניש דאס באהערשט די אידישע גאס. עס האט אויסגעלאשען דעם פונק פון רחמנות, עס צאפעלט ניט דאס הארץ פון דעם גרויסען פאלקס שמערץ דער מאנאטאנער קרעכץ פון די מיליאנען ליידענדע ועלכער שפאלט די וואלקענס און גרייכט צום הימעל געפינט ניט קיין אפקלאנג אין די שטיינער־נע הערצער. פאלשע אמת'ן פאלשע נביאים בארויבען דעם פאר־שטאנד פארשלעפערען דעם געוויסען און פארבלענדען די אויגען. זיי זעהען ניט זייער אייגענע געפאהר און זיי קענען ניט פיהלען יענעמ'ס שמערץ, טויט דאס געפיהל פון מיטלייד, עס האט ניט געווירקט דער הילפלאזער געשריי פון די הונגעריגע נאך הילף. עס האט ניט געגרייכט צו די יאהודים דער קרעכץ פון די ליידענדע. דער בארכלען פון גוקס וועו ער באדט זיך אין זיין אויגען בלוט. אידיש בלוט, רויטע בלוט וואס גיסט זיך ווי וואסער. עס

ווערט דערוויי׳ל פארצוקט דאס גאנצע פאלק, די פרומע זיינען גוזר תענית, די ראדיקאלע דעבאטירען און די יאהודים מיט די קאס־מאפאליטען שטעהען פון דערווייטען: און דאס פאלק? דאס פאלק טרינקט זיך און ליידעט, א גאטעניו ביז וואנען!...

— שא, אלטער זארג זיך ניט! דו זעהסט וואס איך טראג? א גאנצען פאק! פרישע האפנונגען פאר דער וועלט. די כמארע, די שווארצע כמארע וועט פארשווינדען און ווידער וועט די זון לייכטען, און די מענשען קינדער וועלען לעבען גליקליך אין פרידען.

און מיט די ווערטער האט דער נייער יאהר צושפרייט זיינע פליגעל און מיט זיין שטארקען האפען גענומען צוטרייבען דעם גע־דיכטען שווארצען וואלקען פון יאוש און פארצווייפלונג.

אין דער מינוט האבען די מלאכים אויסגערופען: — לשנה טובה תכתבו.

---

# מאיאריטעט

בשעה שבקש הקדוש ברוך הוא לברא את האדם, נעשו מלאכי השרת כתות, כתות. חסד וצדק אמרו יברא, אמת ושלום אמרו לא יברא. מה עשה הקדוש ברוך הוא נטל את אמת והשליכו לארץ.

(בראשית רבה).

---

ווען די דעמאקראטיע איז נאך געווען אין די וויקעלעך, בלויז דער טרוים פון א דיכטער, אדער די טעאריע פון א פילאזאף, דאן האט דער לאטיינישער אויסדריק: „וואקס פאפולי, וואקס דעי״ די שטימע פון פאלק, איז די שטימע פון גאט, געהאט מעהר באדייטונג, מעהר ווערט און מעהר זין. יעצט אבער, ווען מיר דארפען ניט אימער אנקומען צו דעדוקציאן און לערנען דבר מתוך דבר, נאר מיר קענען עס לערנען פון בעאבאכטונג אויך, פון לעבען אליין פון די שוין זאגענאנטע אינסטיטוציאנען, וואס זיינען געגרינדעט אויף דעמאקראטישע יסודות, דאן צייגט זיך ארויס, אז דאס לעבען שטימט ניט אימער מיט טעאריע. דאס לעבען, די ערפאהרונג,

לערנט אונז, אַז פיעלע זאַכען, וועלכע זיינען לויט טעאָריע אַ מוז. אַ פליכט, זיינען גאָר זאַכען וועלכע מיר דאַרפען באַקעמפען. און אַלע טעאָריען פאַלען דורך, ווייל דאָס לעבען איז די בעסטע שולע און בעאָבאַכטונג — די שטאַרקסטע לאָגישע באַווייזע.

מאַיאָריטעט און פאָלקס ווילען קענען אויך אַריינגערעכענט ווערען אין די פאַלשהייטען פון דעמאָקראַטיע. אחרי רבים להטות, די מערהייט איז די אויבערמאַכט צו וועלכער איינער מוז זיך אונטער־געבען. די מינאָריטעט מוז אָננעמען דעם באַשלוס פון דער מער־הייט גראַד ווי עס וואָלט געווען זיין אייגענער באַשלוס. אַזוי איז אויך די מיינונג פון העגעל. וואָס טוט מען אָבער, אַז עס קומען פאָר פעלע אין לעבען, ווען די מערהייט נעמט אַ באַשליסע, וועלכע זיינען געגען פּרינציפּ, געגען אמת, פיליכט פאַרברעכעריש און די מינאָריטעט וויל ניט און קען ניט אָננעמען.

מיט דעם ווילען פון פאָלק איז נאָך ערגער. היסטאָריע, וועל־כע איז די איינציגע ריכטיגע מאָס, מיט וועלכער מיר מעסטען סאָציאַלאָגישע פראַגען, ציינט אונז דייטליך, אַז ניט אימער איז געווען דער ווילען פון פאָלק אַ גרויסער פאַקטאָר אין ברענגען רע־פאָרמען און שאַפען עטוואָס גרויסעס. עס ציינט גראַדע פאַרקעהרט. אַז רעוואָלוציאָנען און אַלע אויסבעסערונגען פון דעם סאָציאַלען, פּאָליטישען און עקאָנאָמישען לעבען פון פעלקער, איז געשאַפען געוואָרען ביי מינאָריטעט און אָמאָל גאָר פון יחידים, וועלכע זיינען געווען פאַראַכטעט און פאַרפאָלגט ביי דעם פאָלק.

אונזער אייגענע היסטאָריע ציינט אַזעלכע פעלע: די מאַקאַ־בעער האָבען זיכער ניט אויסגעשפּראָכען דעם ווילען פון פאָלק ווען זיי האָבען רעוואָלטירט. זייערע נאָכפאָלגער זיינען געווען זעהר אומבאַדייטענד אין צאָהל, און אפילו צוזאַמען מיט די פּאַסיווע סימפּאַטיזירער זייערע, וואָלטען זיי אַלץ געווען אין דער מינאָרי־טעט. און עס איז קיין צווייפעל, אַז ווען זיי זאָלען דאַן נעהמען אַ רעפערענדום, וואָלטען זיי זיכער נידערגעשטימט געוואָרען פון די העלעניסטען פון יענער צייט.

די אויבענדערמאַהנטע לעגענדע פון בראשית רבה פאַרענט־פערט דיזע פראַגע זעהר לאָגיש אַזוי, אַז די פאָדערונג פון לעבען

זאָל שטימען מיט דער טעאָריע פון דעמאָקראַטישע פאָדערונגען.

די לעגענדע דערצעהלט, אז ווען גאָט האָט געוואָלט באשאפען דעם מענשען, זיינען די מלאכים געווען געטיילט מיט זייערע מיינונ־גען. חסד און אמת זיינען — דאפיר. שלום און אמת דאגעגען. אום צו שאפען א מערהייט, א מאַיאָריטעט, האָט גאָט גענומען דעם אמת און איהם ארויסגעשיקט אויף דער ערד.

שטעלט זיך די פראגע, וואָס האָט עפּעס גאָט ארויסגעשיקט דעם אמת, שלום איז דאָך אויך געווען דאגעגען. דער ענטפער, נאָך מיין מיינונג איז, אז דאָרטען, וואו עס איז דער אמת, אפילו ווען ער איז אליין, איז דאָרטען דער רבים. דער אמת מוז באהערשען. א מעהרהייט, וועלכע האנדעלט ניט ריכטיג געגען אמת, געגען פּרינציפּ, איז קיין רבים ניט. און די וואָרהייט איז קיין מאָל ניט אין דער מינאָריטעט, אבער האלב באוואוסטזיניג שפּרעכט עס אויס די מיינונג פון פאָלק, אפילו ווען עס ווערט רעפּרעזענטירט פון א יחיד. כי האמת לעולם תקום.

---

## שלום בית

(צעהן געבאָט פאַר ווייבער)

1. זאָלסט זיך קיין מאָל ניט איילען, אז דער עסען זאָל זיין אין צייט, ספּעציעל מיט׳ן אָנבייסען אין דער פריה: — גיב דעם מאַן אן אויסרייד אויף צו „וואַרטשען״...

2. ווען ער געהט, אדער פאָהרט ערגעץ אוועק, מאַך זיך ווי ס׳אַרט דיך ניט; צייג איהם ניט קיין צערטליכקייט אדער פריינד־שאַפט: ער קען זיך נאָך באַהיט גאָט איינריידען אז דו ביזט אין איהם פאַרליעבט.

3. ווען ער קומט אין אָוונט אהיים, זאָלסטו זיין א צופּאַ־

טעלטע, ניט איינגעוואשען, פארהאוועט און אויסגעשמירט אביסעל אין סאזשע: — ער וועט דאן דענקען אז דו ארבייטסט צו שווער.

4. ווען דו רעדסט צו איהם רייד ניט וועגען איינגענעהמע אינצידענטען, נאר דערצעהל איהם ווי אזוי דו האסט זיך געקריגט מיט דער „שכנה" אדער וועגען די שטיפערייען פון די קינדער: — ס'וועט איהם געבען א באגריעף פון דיין שווער־מוט...

5. ווען דו דארפסט וואשען וועש, אדער רייניגען די הויז, פאנג אן צו ריידען וועגען דעם באצייטענס, כאטש מיט צוויי וואכען פריהער: — וואס מעהר „טאראראם" דו וועסט מאכען אלץ מעהר וועט ער גלויבען אין דיין שווערע דאליע.

6. ווען דיין מאן בעט דיך מיט איהם געהן אין טעאטער זאלסטו געהן, נאר קומענדיג אהיים זאלסטו איהם געבען א לעק־טשור ווי אויסבערענגעריש ער איז און אז דער בעסטער ארט איז די היים: — דאס וועט איהם מאכען מיט דער צייט פאר א „לע־מעשקע".

7. אויב ער ברענגט איין אורח אמאל אין הויז אויף א מאל־צייט, זאלסטו ניט פארגעסען איהם צו דערמאנען אז עס פארשאפט דיר וועניג פארגעניגען און פיעל איבעריגע ארבייט: — ס'וועט מא־כען אז ער זאל פארזאגען א צעהנטען איינלאדען יעמאנדען צו זיך אהיים.

8. ווען דו נעמסט איהם אמאל מיט זיך אין גאס, זאלסטו איהם נויטשלעפען אין אלע קראמען און איהם געבען די אלע פעק־לאך צו טראגען, מאך איהם פאר א „דעליווערי עקספרעס" וואס דארפסט זיך שאפען מיט א פרעמדען? און דערצו וועט ער אפשר דעם צווייטען מאל מיט דיר ניט געהן און דו וועסט קענען אליין לעבען א גוטען טאג...

9. זאלסט נאר האלטען אין באריהמען דיין שכנה'ס מאן, ווי ער טראגט זי ממש אויף די הענד, און פארגעס ניט צו דערמאנען אז די שכנה איז דיין מינדסטען נאגעל ניט ווערט: — דאס וועט פיליכט דיך מאכען טייערער און איהם ביליגער אין זיינע אייגענע אויגען.

**10. זאלסט קיין מאל ניט זוכען דיין איינענעם מאן נעפעלען** צו ווערען, ס'איז ניט נויטיג: — וואס איז, ער איז דען, א פרעמ־דער, א חתן, אדער א באָרדער?...

---

## פליגען און מענשעלאך

(פון א רייזע אין דער וועסט)

---

איך בין אין פארטאל. ס'איז די הויפט טיר, דורך וועלכער אמעריקאנער קומען אריין אין מערב קענעדא, צו באזעצען זיך אויף די פרוכטבארע פעלדער פון סאסקאטשעוואן און אלבערטא — די „עלדאראדא'' פון ווייץ און קארן.

איך בין שוין דא אין דער גרעניץ שטעטעל א וואך צייט. די ארבייט איז א גאנץ לייכטע. איך דארף עקזאמינירען די עמיגראנ־טען און איך פארשטעה די ארבייט, ווארים וועלכער איך קען דאס ניט שטעלען פראגען? די ארבייט וואלט געווען גאנץ אנגענעהם, ווען אנשטאט עקזאמינירען מענשען מיט געפיהלען, וואלט איך גע־דארפט עקזאמינירען ציגעל אדער סארטירען ברעטער... ס'איז מיין פליכט צו באשליסען, וועלכער פון די פיעלע עמיגראנטען איז וויג־שענסווערט צו האבען אלס א צוקונפטיגען קענעדער בירגער און וועלכען מען דארף שיקען צוריק. איך דארף בלויז נאכפאלגען געוויסע רעגעלען און אויספיהרען דאס געזעץ. און איך באגרייף פיליכט צום ערשטען מאל, אז געזעץ איז ניט אלע מאל גערעכט. — פליכט און מענשען געפיהל, דין און רחמנות, ווי אוממעגליך עס איז זיי איינצושפאנען אין איינעם, אז זיי זאלען קענען הארמאניש שלעפען דעם וואגען פון געזעלשאפטליכען לעבען...!

און איך „טשינאוונישע'' אין פארטאל שוין באלד א וואך. עס איז נעבעלדיג אויפ'ן הארצען, און יאוש'דיג אין דער נשמה. איך שטעה איין אין דעם איין און איינציגען האטעל. וואס דאס שטעטעל פארמאגט. עס זאגט זיך, האטעל. ס'איז א פשוט'ע היל־צערנע צוויי גארענדיגע געביידע, וואס איז ווינטער קאלט ווי דער „נארד פאל'', און זומער אזוי היים, ווי אין א שוויץ באד אויף דער

אויבערשטער באַנק. ווי אַ ניו יאָרקער טענעמענט איז זומער, און ווי דער גיהנום, ווען עס איז אַ סטרייק ביי די אייז מחבלים...

ווען איך בין אוועק פון ווינניפעג איז נאָך געווען גוט קאַלט און איך האָב שוין געדעכנט, אַז מיר וועלן שוין גאָר קיין זומער ניט האָבען דעם ווינטער... און דאָ בריהט עס און בראַט ווי מיט פייער... הפנים מ'האָט מיר געוואָלט געבען דאָ אַ שטאַרק הייסע אויפנאַמע... און איך האָב עס געקראָגען.

אַט קומט דער „סטיישאַן מאַסטער" און נאָך דער געוועהנ־ליכער באַגריסונג, גיט ער מיר איבער די נייעס, אַז עס איז הונדערט און זעקס גראַד היץ אין שאָטען.

איך ענטפער איהם קורץ: „איף איט איז טו האָט, געט אַאוט אָף די שייד!"

אין האָטעל איז ניט אריינצוגעהן פון פליגען. אָבער פליגען מכל המינים. און אין מיין צוהיצטער פאַנטאַזיע שטעל איך זיך פאָר, אַז די אורזאַכע, וואָס עס זיינען דאָ אַזוי פיעל פליגען, איז ניט אַנדערש, ווי נאָר אַז די פאַרשידענע פליגען האַלטען אָפּ אין פאַרטאַל אַ קאָנווענשאַן.

און איך הויב אָן זיי צו קלאַסיפיצירען כל הזבוב למינו: — אַט דרעהט זיך ארום אַ פליג ארום אויער. עס איז ניט אפצוטריי־בען. טורקעט אין אויער ניט פטור צו ווערען. איך טרייב עס אוועק עס קומט ווידער צוריק... און איך באַשליס אַז עס מוז זיין פון דער ספּעסיע „אַגיטאַטאָר", אַ באַשעפעניש וואָס נודיעט גלאַט אין דער וועלט אריין. — אַ נודניק... די פליעג וואָס האַלט זיך אימער אין קיך. דאָס איז שוין אַ זי. אַ הויז פליעג אַ גלגול פון מיין „נעקסט דאָאָריגע" שכנה. זי „פּאַדעט" ארום לעבען די טעפּ, שמעקט אריין צום „פּודינג", פאַרזוכט דעם „קאַמפּאָט", כאַפּט אַ לעק פון אַלע פּאַטראָוועס און שמעקט אריין אין יעדען ווינקעל.

איך באַטראַכט מיט אביסעל דרך ארץ די גרויסע גראָב־בייכי־גע פליעג, וואָס קען ניט פליהען הויך ווייל עס איז אַזוי שווער און אָפּגעפרעסען, אָבער וואָס קריכט ארום מיט חוצפּה, און קאָנטראָ־לירט אַלע ברעקלאַך שפּייז וואָס געפינען זיך אויף דעם טיש, און לאָזט די קלענערע פליגען ניט צו. גיט זיי ניט קיין „טשאַנס"

און איך דערקען די „ספעסיע", „קארפארייישאן פליעג" א ניצוץ פון א טראסט מאגנאט...

און אט איז די יונגינקע פליעג, לייכט באוועגענד מיט שעהנע פליגעלאך, מיט א רויטינקען פיסקעלע, וואס איז נייגעריג, און וויל פליהען... עס ליגט א שטיק „פליי־פייפער" עס ווערט פאראינטערע־סירט, עס איז נייגעריג, עס וויל וויסען. עס גנב'עט זיך צו פאמע־לאך, און בלויז ביים ברעגעלע כאפט עס לעק... עס איז אנגענעהם עס איז זיס... עס קריכט אביסעלע ווייטער, אבער אלץ פארזיכטיג שטעהענדיג אויף'ן ברעג פאפיער און אויסען געפאהר... איהר נייגעריגקייט אדער פיליכט דער פארלאנג נאך אוואנטור באוועגט זי געהן אביסעלע ווייטער, און זי ווערט צוגעקלעפט צום פאפיער. ניט מעהר צו פליהען. זי ווערט געכאפט אין דער פאסטקע...

ארימע אונערפאהרענע פליגעלע... פאר אזוי ווייניג געניס. אזא שרעקליכער סוף...

און איך לאז איבער די פליגען קלאסיפיקאציע איידער איך קריעג פליגען אין נאז, און איך בלייב זיצען ווארטענדיג אויף דעם באהן, וואס דארף אריינברענגען נאך עמיגראנטען. און דאס וועט פיליכט פארטרייבען די פוילקייט, וואס האט מיך באהערשט, און אויך די איינזאמקייט און די לאנגווייליגקייט.

מיט א שטונדע שפעטער קומט אן איין צוג פון סט. פאול און ברענגט אריין די געוועהנליכע מאסע עמיגראנטען, געשעפטס לייטע, ארבייטער וועלכע זוכען א נייעם מארק פאר זייער ארבייטס קראפט און אויך טוריסטען וואס זוכען „סענסיישאנס" אין פרעמדע לענ־דער.

טוריסטען דאס זיינען א מין רייכע „בראדיאגעס" וואס האבען ניט קיין היים, שלעפען זיך ארום דער וועלט איז א „פולמאן קאר" אדער אין איין ערשטע קלאס קאיוטע פון א דאמפף שיף... זיי זיינען אן אינטערנאציאנאלער קלאס פון לעדיג געהער וועלכע פלעגען אפט באגעגענט ווערען אין אייראפא, נאר מיט דעם אנפאנג פון קריעג זיינען זיי געצוואונגען צו בלייבען אויף דיעזען קאנטי־נענט. און דער צאהל טוריסטען אויף די קענעדער באהנען האט זיך געוואלדיג פארגרעסערט.

איך קום אריין אין ,,אבזערוויישאן'' קאר און באטראכט די פאסאזשירען איין בליק אויף זיי, און עס איז מיר פארשפארט צו פרעגען ווער זיי זיינען, וואס זיי זיינען? איך קען זיי פונקט אזוי לייכט קלאסיפיצירען ווי די פליגען אין האטעל...

עס איז א מיש־מאש פון נאציאנאליטעטען פון אפריקא, אויסט־ראליע, ניו־זעלאנד אויך אמעריקאנער, פראנצויזען רוסען און ענג־לענדער. עס זיינען דא יונגע און אלטע אלמנות און פארהייראטע פרויען, וואס ערווארטען אונגעדולדיג צו ווערען וואס שנעלער אלמנות, אום צו קענען טראגען שווארצע קליידער ווי די ערשטע. ווייל עס פאסט זיי אזוי... אן אקטריסע וואס וויל ווערען די ווייב פון א מיליאנער און א מיליאנערס ווייבעל, וואס האט שטארק חשק צו ווערען אן אקטריסע. עס זיינען דא עטליכע פארשווינען פון דער ,,אונטער־וועלט''. די פרויען קוקען אויס צניעות'דיג גענגען די אויסגעבלויזטע, דעקאלטירטע פארהייראטע דאמען: און די מענער. די פון דער ,,אונטערוועלט'' זיינען מעגליך ערשט ארויס פון טורמע און די אנדערע האט מען געדארפט דארטען פארשפארען ווען די גע־רעכטיגקייט וואלט ניט געווען אזוי בלינד...

פליגען, מענשעלאך און פליגען, ,,גאלד באגס'' ,,זילבער באגס'' שרייבער פון טשעקס, און שרייבערקעס פון ליעבע בריוועלאך. שענהייטען וואס זיינען געקויפט געווארען ביי אלטע מענער. און אלטע מענער וואס ווערען פארקויפט פון די שעהנע פרויען.

— טפיו! זאל דאס ווערען! פליגען, פליעגען!...

אדאנק גאט וואס דער ,,סטיישאן מאסטער'' קען עס ניט לע־זען ער וואלט זיכער געזאגט: — ,,אז איי ביז קרייזי וויט די היט''...

---

# פראהיבישאן

(א חמץ זויערער פעליטאָן לכבוד פסח)

—עסיג'דיגע ארבע כוסות, פסח'דיגע ביער מיט הגדות וואָס רינען
אויס. טרינקען „פרינציפּיאלנא" מיט א הכשר. א רביעית
וואָס זאָל איבערלאָזען אין גלעזעל א קדחת.
א ביטערער מסחר וואָס פארזויערט
א גאנצען געגענד.—

איך דאנק דיר, גאָטעניו, פאר די גרויסע חסדים, וואָס דו האָסט געטאָן מיט דיין בידנעם פאָלק ישראל, איך באקראנץ דיין כסא — הכבוד, און איך זינג א שוואך און לויב געזאנג צו דיין ליעבען נאָמען. און מיט פויקען און טרומייטען פראקלאמיר איך דיין גרויסקייט און דיין גרויס גענאָד, וואָס דו האָסט דעם רוסישען בער מבער געווען ווי א שטיק חמץ, און האָסט געגעבען די מעגליכקייט די מיטגלידער פון רוסישען פראגרעסיווען קלוב צו פייערען זייערע האוויצער מליצות, און שווערע ארטילעריע ספּיטשעס פון די באריקאדען אין... גרענד טעאטער. אי האָבען זיי דאָרט געגראגערט און געקאלאקאטעוועט ניקאליי'קען. דעם המן השני. און דעם זעלבסט הערשער פון מאדערנעם מצרים. אי האָבען דאָס חברה געבאמבאדירט דעם רוסישען דעספּאָטיזם פון זעלבסט הערשעריי, וואָס די רוסישע דומא האָט ארויסגעטריבען פון די טרענטשעס פון פינסטערען פאנאטיזם און אונוויסענהייט...

איך דאנק דיר, גאָטעניו, וואָס דו האָסט באשאפען כלל טוער און פאָלקס פארזאָרגער, וועלכע נעהמען זיך אן אונזער קריוודע און פארהיטען אונז אויף יעדער האָר. איך האָב שוין געהאלטען אין האנד מיין מעכטיגע (?) פעדער, און האָב געוואָלט א קלאפּ טאָן אין כל ישראל באראבאן וועגען דער גוואלדאוונער גזירה פון פראהיבישאָן.

„אידעלאך, וואכט אויף, און פראטעסטירט קעגען דעם אנטיסעמיטישען געזעץ וואָס פארבאָט אונזערע רעליגיעזע ארבע כוסות..." — האָט זיך מיין מעכטיגער אויפרוף געזאָלט אנפאנגען.

שילדערענדיג, ווי אזוי מיר בידנע פריטשמעלעטע, ארימע, הארע־פאסנע אידישע פראלעטאריער און אידען פון א גאנץ יאהר דארפען האבען טרוקענע סדרים, אהן א קאפעטשקע בראנפען און אן א טראפעטשקע כרמל וויין. עפעס שפיעלט איהר זיך וואס מיין מור־טיגער און שטארקער אפיעל האט געקענט אויפטאן. ער וואלט זי־כער פאראורזאכט א גרעסערע, מעכטיגערע רעוואלוציאן ווי אפילו אין רוסלאנד...

דארטען איז די זאך צוגעגאנגען צו שטיל, געמאכט א רעוואָ־לוציע, משלח געווען דעם צער'איזם. און געצעטעלט... ביי אונז אבער וואלטען מיר געהאט א דוצענד מיטינגס אין אלע שולען. די ראדיקאלען וואלטען אריין געבראכט אן אמענדמענט און מ'וואלט געדעבאטירט ביז נעקסטען פסח... ווען ניט אונזערע פארזארגער, וואס האבען מבטל געמאכט דאס גאנצע געזעץ און מיר קענען מא־כען א סעודה און „צארסטוועווען"...

איך זאג אייך, אז מיר לעבען אין היינטיגע צייטען מיט נסים פונקט ווי פארצייטען. באהיט גאט, ווען מיר זאלען דארפען פרא־ווען א סדר מיט ראזינקע וויין! איך פרעג אייך אליין, איך אליין א איד א ליטוואק (א געוועזענער נאכמעסטריווקער חסיד). זאל דארפען אויסקומען אן א ביסעל יין שרף?... ווי נעמט מען עס ניט אביסעלע משקה פאר די פיש און נאך די פיש, און גלאט אזוי א קאפעטשקע... איך זאג אייך, אז מיין רבקה מינדעל קאכט אפ גע־פילטע פיש, ווילט זיך ניט נאר אביסעלע, נאר עטליכע ביסעלאך...

כ'וועל אייך זאגען דעם אמת קיין שטארקער טרינקער ביז איך ניט. ס'הייסט טרינקען טרינק איך יא, נאר עס הייסט ניט געטרונ־קען. צו קידוש און הבדלה א רביעית. אמת טאקע, א ר ב י ע י ת. אז איך לאז איבער אין פלעשעל א ק ד ח ת. אבער איך בין לחלוטין ניט קיין טרינקער, אפילו ביי עלעקשאן קיינמאל ק?ן פסח'דיגע גלאז ביער ניט אנגעזעהען. אבער פסח, דאס איז שוין א גאנץ אנדערע זאך, דאס איז שוין פרינציפ... און איך דאנק דיר רבש"ע וואס מיר וועלען קענען טרינקען היינטיגען פסח „פא זא־קאנו" מיט א דאבעלדיגען הכשר פון טשיעף אף פאלים און דעם אטוירני דזשענעראל ירום הודו...

שטעלט זיך פאר, ווי טרוקען עס וואלט געווען די הגדה, אפילו מיט פיקמשעס און ענגלישע איבערזעצונג, אהן כרמל וויין און מיט ראזינקע עסיג אדער פעטערבורגסקי קוואס. הכלל, מיר וואלטען גע־האט א זויערען פסח, פונקט ווי מיסטער קרייצמייער פון פרוסיע.

אבער לאזט מיר אייך דערצעהלען באריכות.

קרייצמייער איז א רוסישער דייטש פון סאראטאווסקי גובער־ניע, וואס פארמערט אין פרוסיע (שרעקט זיך ניט ס'איז ניט פרע־סיע אין דייטשלאנד, נאר פרוסיע אין סאסקאטשעוואן). און באלד נאך פראהיבישאן האט ער זיך געפיהלט ניט בגילופים'דיג. ער האט עטליכע מאל געפיהלט א שטארקען חשק צו מאכען א כוסה. און האט שטארק געבענקט נאך א „ווי ביט אף סקאטש". ס'הייסט ווען מען גיט אביסעל „איריש", וואלט ער אויך ניט מקפיד גע־ווען. ער האט שרעקליך פארדאמט דעם טרויעריגען ביטערען גע־זעץ, וואס צווינגט דעם דורשטיגען פארמער טרינקען שלעכטע וואסער אנשטאט גוטע שנאפס.

אפט גאנץ אפט האט זיך א פלוך אלס פראטעסט, ארויסגעריי־סען פון הארצען, וואס האט פארהילכט דעם געגענד און געפונען אן אפקלאנג אין די הערצער פון די ארומיגע דייטשע שכנים.

און אין איינעם א פריה מארגען, ווען קרייצמייער איז געווען נאך מעהר אויפגערעגט, ווי אלע טעג פון א גאנץ יאהר, איז צוגע־פאהרען א אידישער פעדלער און פרעגט איהם, אויב ער וויל קויפען... עסיג.

— „עסיג!" האט קרייצמייער רוגזה'דיג אויסגעשריען. פאר־פלוכט, איך ברויך קיין עסיג!

— ס'איז אבער גאנץ פארשידענער עסיג, האט דער פעדלער געענטפערט, ווינקענדיג מיט'ן לינקען אויג מעשה ספארט, פארזוך עס נאר! און ער האט איהם דאביי דערלאנגט א פלעשעל, אנגע־פיהלט מיט א טונקעל ברוינע פליסיגקייט.

— מיסטער קרייצמייער האט עס פארזוכט, האט זיך באלעקט, און האט גענומען א לאנגען זופ, וואס האט זיך געלאזט הערען, ווי א תקיעה גדולה, און ער האט דערפיהלט, אז ער האט די גאנצע צייט געוואלט בלויז עסיג, און אז ער מוז האבען נאך א טראפען

— יודע, וויפיעל קאָסט דער גאַלאָן?

— פינף דאָלאַר א גאַלאָן, אין א צעהן גאַלאָן „קייג״.

— דאָ האָסטו פופציג דאָלער, און שיק עס ווי אם שנעלסטעז ביי עקספּרעס.

מיט א וואָך שפּעטער האָט ער ערהאַלטעז דעם עסיג און האָט געלאָזט וויסען זיינע שכנים, אז די ביטערע סחורה איז אָנגעקומען און זיי קענען עס סעמפּלען...

דער פּעדלער האָט זיי ממש מחיה געווען. עס איז דאָך פּראָהיבישאָן, האָט ער עס פאַרקויפט הכשר׳דיג אלס עסיג, און ווען מר. קרייצמייער האָט עס פאַרזוכט, איז דער ביטערער טראָפּען טאַקע געווען. — זויערער עסיג...

און די גאַנצע געגענד איז יעצט באַזאָרגט מיט עסיג אויף קינדס קינדער...

א צווייטער פאַל, וואָס האָט געקענט פּאַסירען אויך מיט אונזערע טרוקענע הגדות, האָט געטראָפען א שוחט אין א קליין שטעדטעל אין דער וועסט ער האָט געוואָלט פאַרזאָרגען זיינע בעלי בתים מיט הגדות און ווייַן לפּסח, און מ׳האָט עס צוזאַמענגעפּאַקט איז איין באַקס און געשיקט עקספּרעס, געלייבעלט „בוקס״. ווען ס׳איז אָנגעקומען, האָט דער עקספּרעס דרייווער עס אַרונטערגעוואָרפען צו האַסטיג, און עס האָט געפּלאַצט א פלעשעל כרמל קאָניאַק. דער קריסט האָט באַטראַכט די באַקס און דעם אויפשריפט און א קראַצענדיג די פּאַטילניצע, האָט ער געזאָגט צום שוחט: — „ראַבי. יור רעלידזשיאַס בוקס אַר ליקינג אַאוט״ דיינע הגדות וועלען אויסרינען...

און איך דאַנק דעם אויבערשטען פאַר אַלע גנאָדען וואָס דער פּראָהיבישאָן האָט אונז ניט פאַרבאָטען... און מיר וועלען קענען, ווי בני חורין, נעהמען א טרונק בראָנפען און דערצעהלען מיט התלהבות די נסים פון אַמאָל און פון היינט, און אונזער פּסח וועט ניט זיין קיין זויערער, נאָר א פרעהליכער א לעבעדיגער, און אונזער פרייהייט ניט קיין פאַרבאָטענע... און איך שריי אויס: „הידד! דאַ זדראַוסטוואויעט יעווריסטוואַ!״ אמן סלה...

# איבער מערב קענעדע

זונטאג 24־טען דעצעמבער.

מארגען איז ,,קריסטמאס״. די צייטונגען זיינען פול מיט מלחמה, מיט האס, און די קירכען פראקלאמירען זייער פריעדען און פריינדשאפט צו דער גאנצער וועלט...

איך געפין זיך פארווארפען, איינזאם אין ווייבארן, סאסקאטשעוואן, א 400 מייל פון ווינניפעג. איך ווייס אפילו, אז עס געפינען זיך דארט א פאר אידישע פאמיליען, אבער איך בין זיכער, אז איך וועל זיי ניט געפינען איצט אין שטעטעל. א גאנץ יאהר איז דער דארפישער איד פארנומען מיט געשעפט, מ׳האוועט, אבער ביי דער ערשטער געלעגענהייט איז ער ,,עולה רגל״ צו דעם נאהענטסטען אידישען ישוב, כדי דארט צווישען אייגענע פארברענגען די צייט.

איך האב זיך קיין עצה ניט געקענט געבען וואס צו טאן: ס׳האט שטארק געצויגען א היים, עס האט זיך זעהר געוואלט זיין באטש איין טאג חנוכה אין דער היים. אויפ׳ן הארצען איז געווען שטארק ,,כאלאכודרע״, און דער גאנצער ,,טאראראם״ פון דעם מארגענדיגען ,,פריעדען״ האט מיך געמאכט אלץ מעהר ,,אומצופריעדען״, אלץ מעהר פאר׳יאוש׳ט און פארטרויערט...

שטעלט זיך פאר, ווי איך האב זיך דערפרעהט ווען מר. גודי. א אידישער יונגערמאן פון ווייבארן, האט מיר דערצעהלט, אז די אידישע קאלאניסטען פון זאנענפעלד מאכען זונטאג אווענט א חנוכה יום־טוב פאר זייערע קינדער.

פילייכט איז ביי אייך נאך פריש אין זכרון יענער מאמענט ווען איהר זייט, אלס גרינער, געפארען אין אמעריקא, און נאך דער שווערער שרעקליך לאנגזאמער רייזע אין דעם פארשטיקטען, און דומפיגען, צווישען־דעק פון אן אימיגראנטען שיף, האט איהר אם ענדע אין א שעהנעם פריה מארגען דערזעהען פון דער ווייטען דעם שאטען פון א ברעג. געדענקט, ווי פרעהליך איהר האט דאן אויסגעשריען: ,,ערד! ערד!״, — אט אזא מין פרייד־געשריי האט זיך ארויסגעריסען פון דער טיפסטער טיעפקייט פון מיין הארץ, ווען

איך האָב דערהערט די ווילקאָמענדע בשורה: „א חנוכה פעסט! ביי אידישע פארמער!״

איך פאָהר! געזאָגט און געטאָן. און אלס ניט געבעטענער גאסט, האָב איך זיך אליין איינגעלאַדען אויף דיזער אידישער שמחה...

פערציג מייל פון ווייבארן. פערציג מייל פריירי באדעקט מיט שנעע און אייז.

קלאָר ווייסער שנעע. אן אומענדליכע פאַנאַראמע פון ווייס־קייט...

דער ווינד שפּיעלט זיך מיט דעם הארטען פּולווער שנעע, און מאכט בערגלאך אויפ'ן וועג: די שטראַהלען פון דער זון טאַנצען ארום אויף דיזער ווייסקייט און בלענדען מיט זייער גלאַנץ, און אלעס איז ווייס. די אומענדליכע ווייסקייט ציהט זיך אָהן א סוף אָהן א ברעג, ביז הינטער די בערג קומט זי צוזאמען מיט'ן הימעל און ווערט צוזאמענגעמישט און פארשמאָלצען אינ'ם בלויען וואָל־קען...

און איבער דיזען ים פון שנעעע, קעלט און פראָסט טראָגט זיך אן איינזאמער אויטאָמאָביל און פיהרט די פארבלאָנדזשעטע נשמה פון א אידישען „טשינאַוואָניק״ נעהענטער צו זיינע ברי־דער...

איך פאָהר אין די גאנצע קלאָפּער געצייג פון מיין אפיציעלען אמט. גילדערנע קנעפּלאך. א היטעל מיט א „קאָקאַרדע״ און רע־גיערונגס „עמבלעם״ אויפ'ן אטאָמאָביל. הכלל איך פאָהר, ווי א רוסישער „פּריסטאַוו״ מיט אלע „פּישטשעוואָקעס״. עס פעהלט מיר נאָר א גלעקעל, א פּאָר רויטע, פאַרדרעהטע וואָנצעס און אביסעל... משקה. דער געדאַנק, אז איך פאָהר זיך זעהען מיט אייגענע וואָ־רימט, און איך פיהל זיך אנגענעהם, ניט אכטענדיג וואָס דער ווינד מיט דעם פערציג גראַדיגען פראָסט גנב'ענען זיך אריין אין קאָר און זוכען צו באַהאַלטען זיך אונטער דעם פוטערנעם דעק, וואָס דעקט צו מיינע פיס. מיין האַרץ איז עפּעס פול מיט א זיסער וואַרימקייט, וואָס צוגיסט זיך איבער מיין גאנצען קערפּער און באַלעבט יעדען אבר.

אפּפּאַהרענדיג אַז ערד האַלב וועג, האָב איך דערזעהען אַ געלע „סקירדע'' שטרוי, און אַרום איהר, שיצענדיג זיך פון ווינד, אַ סטאַדע בהמות, וואָס האָבען מיט זייער אויסערגעוועהנליכער מאָ־גערקייט שטאַרק עראינערט אַן פּרעה'ס זיבען מאָגערע קיה, וואָס ער האָט געזעהען אין חלום.

דער שאָפער וואָס האָט מיך געפיהרט, אַ קריסט, איז גוט באַקאַנט געווען אין דעם געגענד, און איך האָב איהם געפרעגט, אויב די בהמות באַלאַנגען צו דער אידישער קאָלאָני. „נאַ טשאַנס די אידען זיינען פאַררעכענט פאַר די בעסטע פאַרמערס אינ'ם געגענד, זיי גרייטען אַן געווען עסען פאַר זייערע קיה!'' עס האָט מיך גע־פרעהט צו הערען אַזאַ גוטע מיינונג פון אַ קריסט, וועלכער איז גוט באַקאַנט מיט דעם פאַד, אַלס ספּעציעלער „לאַקייטאַר'' פון דער פעדעראַלער רעגיערונג אין יענעם לאַנד דיסטריקט. אבוואָל עס איז פאַר מיר ניט געווען קיין איבעריגע נייעס, ווייל איך הער גאַנץ אָפט אַזעלכע מיינונגען פון קריסטען וועגען זייערע אידישע שכנים...

אַ הויז, נאָהענט נעבען וועג, אַרום איהר זיינען געשטאַנען עטליכע שליטענס פון פאַרשידענע אַרט: שווערע, לייכטע, איינ־פאַכע און פאַרפּוצטע; פון די שווערע און מאַסיווע „באָב־סלייי'' ביז דעם לייכטען „קאַטער''. זיי האָבען מיר געגעבען די אַנצוהער־רעניש, אַז מיר זיינען שוין געקומען אויף דעם ריכטיגען פּלאַץ, און ווען מיין קאַר האָט זיך אָפּגעשטעלט נעבען הויז, זיינען אַרוים צוויי אידען אונז מקבל פּנים זיין. ווי איך האָב שפּעטער אויסגעפונען, איז עס געווען דער איינענטימער מר. ברוינשטיין, און דער שוחט פון קאָלאָניע, הערר עפּשטיין...

## די קאָלאָניע זאַנענפעלד

ווען איך בין מיט 35 יאָהר צוריק אַ גרינער אַנגעקומען קיין ניו־יאָרק, איז מיין ערשטער איינדרוק מיין ערשטער געדאַנק גע־ווען: — גאָט ווי עלענד איך פיהל זיך אין אַזאַ גרויסער שטאָט. מיליאָנען מענשען, טויזענטער אידען, און איך בין אַליין... דאָ אין זאַנענפעלד איז עס געווען פאַרקעהרט. עטליכע מנינים אי־

דען מיט ווייבער און קינדער, און איך זעה אזוי פיעל פריינדליכע געזיכטער. אין אלגעמיין האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז ס'איז איין גרויסע פאמיליע. אלע דא זיינען ענג פארבונדען מיט פעדים פון שטארקע קרובה'שאפט. עפעס ווי אלע זיינען ברידער און שוועסטער. און איך בין ניט א גאסט, נאר א מיטגליעד פון דער זעלבער משפחה, וואס איז נאך א קורצער אפוועזענהייט געקו־מען א היים...

פיעלע פון די, וועלכע מ'האט מיר פארגעשטעלט האבען מיך געקענט פון פריהער, און די איבעריגע האבען מיר געציינגט אזוי פיעל פריינדשאפט, פונקט ווי זיי וואלטען מיך געקענט פון פרי־הער פון דער היים.

דאס ערשטע האב איך גענומען באטראכטען מיין לאנדסמאן דעם שוחט. מר. עפשטיין וועט מיר זיכער ענטשולדיגען, וואס איך האב איהם געשענקט אזוי פיעל אויפמערקזאמקייט. איך האב ניט נאר איהם באטראכט, נאר איך האב ערלויבט מיין פאנטאזיע זיך פארשטעלען, ווי אזוי עס קוקט אויס א היימישער שוחט אין אונזערע קליינע שטעטלאך פון דער אידישער „טשערטא" איך וויים ניט ווי מיין לאנדסמאן האט אויסגעזעהען. נאר מיין כח הדמיון האט געשאפען א קאלטענוואטע בארד, א מאנערען אויס־געדארטען געזיכט, טיעף איינגעפאלענע, אויסגעלאשענע אויגען, מיט געדיכטע גרויסע ברעמען, אן איינגעפאלענע ברוסט מיט א דינעם לאנגען קערפער, מיט א לאנגער אטלעסענער אפגעבליא־קירטער קאפאטע, וואס הענגט ברייט ווי אויף א „סטראשילדא" דא האב איך געזעהען פאר זיך א גאנץ אנדער פערזאן. א מאן פון מיטעלע יאהרען מיט א שעהן פארקאמטער בארד, א הדרת פנים, אויגען פול מיט לעבען און ענערגיע, א געזונטע פארב אין געזיכט מיט א גוט ענטוויקעלטען קערפער א פאר ברייטע שלייצען מיט איין אינטעלעקטועלען שטערען האבען איהם געגעבען איין אריסטאקראטישען אויסזעהען. ניט ווילענדיג האט זיך עס מיר געווארפען אין די אויגען, און עס האט מיך דערמאנט אויף דעם תלמוד'ישען אויסדרוק „כי הארץ מגדלת את בעליה' דאס לאנד ערהויבט דעם מענשען. עס פארשווינדעט די שטאטישע שנאה און

הנאה, בלויז אחדות און פריינדשאפט הערשט אין די הערצ׳ער פון א געזונטען גוף און גוטע נשמה...

נאטור קינדער ווי פרעהליך איז זייער פרייד, ווי טיעף עס דרינגט אריין אין זייער נשמה, און ווי נאטירליך איז דער גע־לעכטער, וואס שפיגעלט זיך אפ אין זייערע אויגען און שטראהלט אין זייער גוטע געזיכטער....

דער ריכטיגער יום טוב האט זיך אנגעפאנגען מיט א סעריע ביבלישע בילדער, אויסגעפיהרט פון די קינדער אונטער דער לייטונג פון שוחט עפשטיין. עס האבען נאטירליך געפעהלט עלעקט־רישע עפעקטען. סצענען און קאסטיומען מיט גרים, עס האט אבער ניט געפעהלט קיין נשמה. און די קינדער זיינען געווען פראכטפול. עס האט פילייכט ניט אפעלירט צו מיין עסטעטישער אויג, עס האט אבער שטארק אפעלירט צו מיין אידישער הארץ און מיין נאציאנאלען באוואוסטזיין. און איך זעה ניט בילדער פון פארגאנגענהייט נאר בילדער פון איצט: נאך לויפט יעקב פון עשו, און אויך איצט דארף יעקב זיך פארשטעלען פאר איין עשו, אום ער זאל קריגען די ברכה...

א מיידעלע פון א יאהר דרייצעהן האט ערקלעהרט די באדייטונג פון חנוכה זי האט אנגעפאנגען שטיל, איהר געזיכט גע־רויטעלט פון צניעות. שעמעוודיג, ניט זיכער, האט זי אנגעפאנגען. אבער ווי א בלום האט זי זיך גענומען צו ענטוויקלען. ביז דעם פינאל, ווען זי איז ארויסגעקומען אין פולען פראכט און פולען גלאנץ... ס׳איז געווען פערל יעדעס ווארט, מיט וואס פאר א שטאלץ זי האט גערעט וועגען יהודה המכבי, מיט וואס פאר א באגייסטערונג פון דער אידישער צוקונפט. זי האט גערעט עפעס אזוי זיס, אזוי ערנסט מיט אזוי פיעל הארץ און נשמה. מיט ליע־בע און שטאלץ און פארעהרונג האט זי גערעדט פון אונזער נא־ציאנאלער פארגאנגענהייט. און מיט זיכערהייט ווי א נביאה געטרייסט און געשאפען א האפען און א פעסטען גלויבען אין אונ־זער צוקונפט.

עס קלינגט מיר נאך איצט איהר זיסע שטימעלע, וועלכע טרייבט דעם שווארצען יאוש און שאפט א נייעם גלויבען א נייעם

האפען, אז אונזערע כחות ווערען נים פארלארען. ווי לאנג מיר האבען ערציהער פאר אונזער צוקונפטיגען דור, און אזוי לאנג ווי אונזערע קינדער קענען אזוי שטאלץ טרוימען פון אונזער צו־קונפט.

העלמה העבריה
לנו לא נכריה

די יוגענד, וועלכע וואקסט וויים פון אידישען צענטר אויף פארמס, ווערט ערצויגען אין אידישען און נאציאנאלען גייסט, און די טאטעס און מאמעס, געוועזענע שטאט מענשען, סוחרים׳לאך פעדלערס און גלאט ווינד־מענשען, — האבען זיך גענומען צו דער סאכע באארבייטען דאס לאנד, און שאפען א נייעם אידישען גע־זונטען עלעמענט, וועלכער וועט זיין דער שטאלץ און ציערונג פון דאס גאנצע אידישעס פאלק...

איך האב פארבראכט ביז 4 אזייגער פארטאג, איך האב אויס־געפרעגט יעדען זיין מיינונג וועגען פארמעריי. די מעהרסטע צאהל זיינען דארטען 6 אדער 7 יאהר. די אלטע תושבים וואס זיינען שוין אריבער צעהן יאהר זיינען רייך, די מעהרסטע צאהל מאכען אן אנשטענדיגען און רוהיגען לעבען, איניגע פלאגען זיך צו אבער אלע האבען אויסגעשפראכען זייער מיינונג, אז דער מענש איז פיעל צופרידענער, גליקליכער און צופרידענער אויפ׳ן פארם איידער אין שטאט.

און איך, דער געוועזענער פארמער און איצטיגער טשינאוויניק בין אוועק געפאהרען שטארק מקנא זייענדיג דעם גליק און צו־פרידענהייט פון די אידישע קאלאניסטען.

## די קאלאני מאנטעפיארע

די קאלאני מאנטעפיארע, אדער „מולבאד“. ווי עס איז באקאנט איז פאסט אפים דעפארטמענט. איז מיר נעהענטער ווי אלע איבעריגע אידישע קאלאנים, ווייל איך בין נים נאר געווען ביי דעם וויגעלע און געבורט פון דיזען ישוב, נאר האב צופעליג געהאלפען לעגען דעם ערשטען שטיין פון דיזער קרוין און קעניגין

פון די אידישע קאלאניס.

מיט אכט יאהר צוריק איז א יונגערמאן,ביים נאמען סעם אולמאן געקומען צו מיר אין קאלגארי, און האט זיך פארגעשטעלט, אלס א פארמער פון נארט־דאקאטא. ער האט מיך געפרעגט, אויב איך וויים וואו זיי קענען געפינען א האלבען טאוונשיפ פרייע לאנד, וואו זיי זאלען קענען נעמען האמסטעדס און פריעמפשיאנס פאר א גרופע אידען. ווען זיי קענען קריגען אזא שטח לאנד, וואלטען זיי פארקויפט זייערע פארמס אין די שטאאטען און זיך באזעצט אין קאנאדא.

איך האב זיי דאן אנגעצייגט אויפ׳ן לאנד קארטע א שטיק לאנד, נארט פון אלזאסק אין דער פראווינץ אלבערטא, ניט וויים פון סאסקאטשעוואן גרעניץ, דעם פיערטען מערידיאן, וואו זיי האבען זיך באזעצט.

זייענדיג אין אלזאסק און הערענדיג אז דאס יאהר זיינען די ,,קראפס׳׳ אין גאנצען פארפראָרען געווארען אין זייער געגענד, האב איך באשלאסען צו פאהרען אהין זיך זעהען מיט זיי, אביסעל טרייסטען זיי און אויסשפרעכען מיין מיטגעפיהל אין זייער איצטיגען פארלוסט.

ס׳איז 20 מייל פון אלזאסק, א שטעטעל אויף דער קאנעדיען נארטערן ליניע, וואס לויפט פון סאסקאטון נאך קאלגארי. מיר זיינען אנגעקומען אהין מיטאג־צייט, און געשטאנען ביז אויף מארגען אין דער פריה.

די קאלאניע באשטעהט פון א 70 אידישע פארמערס, וועלכע האבען א שול, וואס האט זיי געקאסט א דריי טויזענד דאלאר, א שעהנע אידישע ביבליאטעק, מיט א שעהנעם אויסוואהל פון אידישע ביכער, און אויך אנדערע קולטורעלע און עקאנאמישע ארגאניזאציאנען.

צוגעפאהרען ביז איך צו מר. אולמאן. אין אווענט האבען זיך צוזאמענגעקליבען א מאן 30, די נאהענטסטע שכנים, און מיר זיינען אריין אין שול, ווייל ס׳איז ניט געווען קיין פלאץ פאר אלעמען. און מיר האבען דארטען פארבראכט דעם אווענט, ביז שפעט אין דער נאכט.

מ'האט מיך פארנעשטעלט פאר'ן שוחט, א יונגערמאן, וועל־כען איך האב נאך ניט געקענט. ווען איך האב לעצטענס באזוכט די קאלאני איז ער דא נאך ניט געווען. איך האב ניט פיעל מיט איהם פארבראכט, אבער ער האט זיך ארויסגעוויזען צו זיין א גאנץ ערנסטער, אינטעליגענטער און זעהר סימפאטישער יונגער־מאן.

איך האב איצט גענומען באטראכטען די קאלאניסטען. אלע באקאנטע פנים'ער איך האב יעדען געקענט. און זיי האבען מיר ניט געדארפט קיין זאך דערצעהלען פון זייער א מאל. איך וויים ווי דער עלטערער אידעל איז געגאנגען נאך דעם אקער און האט געזאגט תהילים ניט א פסוק, נאר א קאפיטעל צו יעדער „פורראוו" (שורע) איך וויים וויפיעל שוויים, הארעוואניע און כחות זיי האָ־בען אוועקגעלעגט יעדער איינער באזונדער. און אלע צוזאמען, ביז זיי האבען פארוואנדעלט די פריירי מדבר און „אלקאלאי" וויס־טעניש, אין פראכטפולע פארמס מיט שעהנע געביידעס. איך האב געוואוסט ווי יעדער איינער האט זיך געפלאגט און געביעדעוועט. און איך האב ערווארטעט צו זעהען פארצווייפעלטע מוטלאזע גע־זיכטער, ווי געוועהנליך... נשרפים עפעס א קלייניגקייט. איינינע פון זיי האבען געהאט פון 100 ביז 200 אקער אין ווייץ. ווען עס זאל געראטען וואלט עס געמיינט פון 5 ביז 20 טויזענד דאלאר און עס קומט א פראסט און עס ווערט צו גאר ניט.

ערווארטענדיג פארצווייפלונג און געפינענדיג א שטארקען אפטי־מיזם איז דאס פאר מיר געווען אן איבערראשונג. מ'האט מיט מיר ניט גערעדט וועגען וואס עס איז געווען. אדער פונ'ם איצט, וועלכער איז ניט אזוי גלענצענד, נאר מ'האט מיט מיר גערעדט וועגען דער צוקונפט מיט אזוי פיעל גלויבען און מיט אזוי פיעל האפען אז איך האב עס באוואונדערט.

— „איה"ש, אז גאט וועט העלפען, איבער א יאהר, וועל איך שוין האבען דאס נייע הויז, וואס איך האב אנגעפאנגען דאס יאהר צו בילדען, און האב ניט געקענט ענדיגען צוליעב דעם פראסט, און דאן ווען איהר וועט קומען וועט איהר האבען א בעסערען צימער". — האט מיר מיסטער אולמאן געזאגט. א צווייטער

האט זיך מיר פארטרויט, אז ער האט צונעבראכען לאנד און וועט האבען פאר נעקסטען קראפ 200 אקער לאנד...

און עס האט מיך עראינערט אן אלטע געשיכטע. מען דער־צעהלט אז אין 1893 יאהר ווען אויף דיזען קאנטינענט האט גע־הערשט א שרעקליכער אינדוסטריעלער קריזיס, האבען אין ניו־יארקער גאסען געמארשירט טויזענטער ארבייטסלאזע מיט שוואר־צע פאנען, ווען העלענא גולד, דאן א קינד, פון 8 אדער 9 יאהר, האט עס געזעהען האט זי געפרעגט די גאווערנאנטין, וואס איז די אורזאכע פון דיזער דעמאנסטראציע.

— זיי שטארבען פון הונגער, די לייטע האבען קיין ברויט.

טא ווארום עסען זיי ניט קיין לעקאך? האט די רייכע מיס גולד געפרעגט.

שטעלט זיך פאהר, ווען א שטאט־מענש האט אזא פארלוסט: למשל, ווען א קרעמער זאל פארלירען דורך א פייער זיין גאנצען סטאק פון פינף אדער צעהן טויזענד דאלאר, פארלירט ער דאך מיט זיין געלט אויך די ווערק צייג, מיט וואס ער מאכט א לעבען. און נאטירליך אויך זיין האפנונג און זיין מוט. דא האט דער פארמער פארלארען געלט, אבער זיין קרעמעל, די ערד, איז גאנץ געבליבען ער האט ווידער זיין אקער און ער קען האפען אויף שפעטער, ס'איז ניטא קיין ברויט איצט, עסט ער קייק. פלייש איז טייער, עסט מען טשיקען; און אין וואס פאר א הויז איך בין ניט געקומען, האב איך געטראפען די ווייבער שטארק באשעפ־טיגט מיט פליקען געגז און פעטע קאטשקעס...

פון די פארשידענע אינסטיטוציאנען, וואס טוען אויף זעהר פיעל, טיילט זיך אוים די קאאפעראטיווע אגראר־באנק, וואס בא־לאנגט צו די אידישע קאלאניסטען.

עס האט מיך געפרעהט צו הערען, אז ניט אכטענדיג, וואס זיי אליין האבען געהאט א שלעכטען יאהר, פארגעסען זיי ניט זייערע ארימע ברידער, וואס ליידען אין די מלחמה לענדער און ביי יעדער געלעגענהייט זאמעלט מען געלט און מ'שיקט גאר בא־דייטענדע סומען צום הילפס פאנד.

דער פארשריט, וואס די קאלאני האט געמאכט, איז א פע־

נאמענאלע ערשיינונג. עס איז אומבאגרייפבאר. ווען מען שטעלט זיך פאר ווי דאס לאנד האט אויסגעזעהען און מען באטראכט ווי עס זעהט אויס איצט. יעדער פלעקעלע, יעדע הייזעלע און יעדע פורראוו פון דעם אקער האט מיר דערצעהלט וועגן זעלטענער איבערגעבענהייט, העלדענמוט, ווילנס־קראפט און שווערע פראצע. אבער דאס „בייבילע״. די יונגינקע קאלאני וואקסט שעהן און פראכטפול...

לייד, פיין, און שווערע ארבייט זיינען פיליייכט דער אציד וואס פרופט דאס גאלד, און דאס בעסטע שטאהל געהט דורך. דורך דעם שטארקסטען פייער...

## קאלגארי

ווען איך האב זיך געזעצט אויף דער טריין אין אלזאסק אום צו פאהרען נאך קאלגארי, האב איך גערעכענט צו האבען קפיצת הדרך, ס'איז דאך עפעס אן עקספרעס טריין אויף דער הויפט ליניע פון אייזען־באהן. און איך האב גערעכענט נאך דעם זעלבען אווענט זיין אין קאלגארי. עס האט זיך אבער אויסגעלאזען אז מיר האבען זיך געשלעפט גאנצע צוויי טעג און א נאכט, מיר זיינען געקראכען לאנגזאם, ווי אידישע באיועגאכצען אין אמעריקא. און פונקט ווי א מציאה־זייגער, וואס מען קויפט אויף אן אקשען, האבען מיר זיך אפגעשטעלט ניט נאר אויף יעדען סטיישאן און האלב־סטיישאן נאר אויך אין מיטען פעלד, ביי יעדער קופעלע שנעע. וואס דער ווינד האט ארויפגעבלאזען אויף די רעלסען...

זיצענדיג אין וואגאן, איז דער געשפרעך געווען וועגען לאנגזאמען צוג. א יונגער מאן (איך האב שפעטער אויסגעפונען, אז ער איז אן אמעריקאנער טרעוועלער). האט דערצעהלט פאלגענדע געשיכטע. וואס עס האט פאסירט אויף א שנעל צוג אין דער שטאאט ארקאנזאס: — א פאסאזשיר, וועלכער איז געפאהרען צו זיין מוטטער, וועלכע האט געהאלטען ביים שטארבען, האט זיך אזוי געערגערט, וואס דער צוג איז געקראכען אזוי לאנגזאם, אז פון אויפרעגונג איז ער ניט פאר קיין מענשען געדאכט משוגע געווארען, און

האט באשלאסען צו באגעהן זעלבסטמארד. ניט האבענדיג קיין אנדער מיטעל אויסצופיהרען זיין שרעקליכען באשלוס איז ער אראפ פון טריין, און איז פארלאפען דעם וועג אז ערד פיער אדער פינף מייל און האט זיך געלעגט אויף די רעלסען דענקענדיג, אז מ׳וועט איהם איבערפאהרען. ווען דער לאקאמאטיוו איז צו גע־גאנגען צום פלאץ, וואו ער איז געלעגען האט דער אינזשיניר גע־סטאפט איין צייט. ווען דער קאנדוקטאר און פאסאזשירען האבען איהם אויפגעהויבען האבען זיי איהם געפונען טויט. — ער איז געשטארבען פון הונגער...

איך האב זיי דערצעהלט, אז אויף דיזער טריין מיט וועלכער מיר פאהרען האט געטראפען דער פאלגענדער אינצידענט: — ווען מיר זיינען אפגעפאהרען א צעהן מייל פון אלזאסק, איז דער קאנ־דוקטאר צוגעגאנגען צו א גרייז־גרויען מאן און האט זיך געווענדעט מיט דעם געוועהנליכען פזמון: „טיקעטס פליעז?״ דער אלטינקער האט ארויסגענומען א טיקעט און האט עס איהם דערלאנגט. דער קאנדוקטאר, נאכדעם וואס ער האט באטראכט דעם טיקעט, האט זיך געווענדעט צום אלטען מיט דער פראגע:

— ווי קומט עס, וואס איהר פארט עפעס אויף א האלבען טי־קעט, איהר זייט דאך עפעס ניט קיין באיטשיקעל?

— יא, האט דער אלטער געענטפערט, אבער איך ביז געווען א קליינער באי, ווען מיר האבען פארלאזען אלזאסק...

אלע האבען זיך צולאכט און דער יענקי האט מיר דערלאנגט די האנד: — „יו העוו גאט מי ביט!״ האט ער געזאגט. „זייט איהר א צייטונגס מאן?״ האט ער מיך געפרעגט.

איך האב דיזע באשולדיגונג ניט אפגעלייקענט און האב זיך ניט געקענט אפוואונדערען, פון וואנען ער האט געטראפען אז איך שרייב אמאל פאר א צייטונג...

איך בין אנגעקומען אין קאלגארי און אבוואהל ס׳איז ניט מיין ערשטער באזוך האב איך מיין מיינונג וועגען קאלגארי, אלס א שטאט ניט געביטען. דער קלימאט און דאס שעהנקייט פון דער שטאט האבען זי אימער געמאכט, אלס די הויפט שטאט פון דער פראווינץ אלבערטא.

קאלגארי איז זעהר שנעל געוואקסען כמעט פענאמענאל. ערשט מיט פופצעהן יאהר צוריק האט קאלגארי בלויז געהאט א באפעלקערונג פון צעהן טויזענד איינוואהנער און איצט צעהלט זי אריבער הונדערט טויזענט איינוואהנער.

דער אפטימיזם פון דער באפעלקערונג איז אומגעהייער גרויס. זיי האבען א שטארקען און פעסטען גלויבען אין דער וויכטיגקייט פון קאלגארי, אלס א שטאט למשל ווען איהר פרעגט א קאלגארי בעל הבית וועגען דער צוקונפט פון וויניפעג וועט ער אייך זאגען. אז ער דענקט ניט אז וויניפעג וועט וואקסען שנעל, ווייל עס איז אביסעלע צו ווייט פון קאלגארי....

וועגען די אויסזיכטען פון קאלגארי איז דאך שוין אפגערעט. ס'איז דאס שעהנסטע דאס בעסטע קלימאטיש געזינדסטע שטאט אין דער וועלט, און גלאט וועט מען אייך זאגען אז קאלגארי איז געאגראפיש אין דער מיט פון דער וועלט, נאטירליך איז געאגראפיע ווערט עס ניט דערמאנט, אבער וואצו, געהט ארויס איז גאס און באטראכט ווי גלייך דער הימעל פאלט ארונטער ארום און ארום...

די הויפט אינדוסטרי איז אמאל אין די גוטע יאהרען געווען ריעל עסטייט און נאכהער אויל־שערס... די הויפט קולטור, — איז אגריקולטור און דער הויפט צוועק אין לעבען, איז צו ווערען א פארטנער מיט דזשאן ד. ראקפעלער...

אפטימיזם איז דער גייסט פון קאלגארי, און פיליכט איז דער שטארקער אפטימיזם אויך שולדיג אין דעם, וואס פון די צוויי הונדערט און פופציג אידישע פאמיליעס אין קאלגארי געפינען זיך אן ערך דרייסיג, וואס באשעפטיגען זיך מיט סעקאנד הענד סטארס און „פאון בראקעריי". אלץ טאקע דער אפטימיזם איז שולדיג. וואס ביי זיי איז אלץ צווילינגס: צוויי ליידיעס אייד סאסייעטים: דערווייל איין שול, אבער מ'רעדט שוין, אז די שול וועט זיך אין גיכען „שולכלען". אבער דערפאר האבען זיי קיין איין תלמוד תורה און קיין איינציגען אידישען לעהרער, וועלכען מ'קען פארטרויען די ערציהונג פון א קינד...

ווען בן־ציון מאסענזאן איז געווען אין קאלגארי, האט ער גע־

ווירקט אויף די „בני ציון", אז זיי זאלען זיך נעהמען טעטיג צו שאפען א תלמוד תורה און האפענטליך וועט עס איין גיכען באַ־שאפען ווערען...

די רעליעף ארבייט ליעגט אין די הענד פון דער ראדיקאלער יוגענד און גאנץ באדייטענדע סומען ווערען געזאמעלט פאר אומ־גליקליכע, ליידענדע ברידער אין די מלחמה לענדער. אין אלגעמיין זעהט מען איצט מעהר לעבען, מעהר אידישען נאציאנאלען לעבען אין דער קאלגארער אידישער קהלה און האפענטליך וועט עס מיט דער צייט ווערען מעהר אחדות'דיג...

## א באגעגעניש מיט דר. בן-ציון מאסינזאָן אין קאלגארי.

איהר מעגט האבען א פעטען באנק־ביכעל, איהר קענט זיך אפילו האבען עטליכע בלאקס איהר מעגט ווערען א מעמבער פון פארלאמענט, אויב איהר ווילט אפילו א „וואשע בלאגאראדיע", א פאלקאווניק אין א רעגימענט, א וואיענער דאקטאר אין אונזער באפרייטער רוסלאנד, א דיוק אדער א באראן אין מאנטרעאל, איך וועל אייך אסור מקנא זיין!

איך האב דורכגעלעבט א גרעסערען א טיפערען גייסטיגען פארגעניגען. איך האב געזעהען דר. מאסינזאן.

יא, איך האב פארבראכט מיט איהם גאנצע צוויי טעג אין קאלגארי. פריינדליך, כמעט ווי א קאלעגע.

יא, איך זאג דאס אייך איצט גאנץ שטאלץ. איך האב גע־זעהען, גערעט, און פארבראכט גאנץ אינטים מיט א גרויסער פער־זענליכקייט. איך האב געהאט די עהרע צו עסען צוויי מאל מי־טאג מיט א מאדערנעם „רבי יוחנן בן זכאי", איך האב פאר־בראכט מיט דעם איצט־בייט בצלאל: דעם ארכיטעקט פון דער מאַ־דערנער יבנה, — תל אביב...

און איינגענעהם איז מיר געווען דיעזע באגעגעניש, ווייל עס איז ניט געווען דורך א צופאל.

איך בין געווען זעקס הונדערט מייל ווייט, ווען מ'האט מיר

טעלעגראפירט, אז מאסינזאן איז אין קאלגארי און וועט לעקטשורען דאנערשטאג אוועגט און זונטאג נאכמיטאג. אזוי ווי איך בין א איד וועלכער „קאטארי" האט זיך אימער אינטערעסירט און גע־מישט אין אידישע ענינים בין איך לא עליכם אזוי באוועגליך און „ספריטנע" אז בין וואנען וואס, איידער וואס־ווער־וועמען, בין איך טאקע אנגעקומען אין קאלגארי ערשט פרייטאג בין השמשות, און בין, ווי מ'זאגט, אריין געפאהרען מיט איין „האלאבליע" אין שבת קודש אריין און מיט דער צווייטער אזש אין פארט סטריט איסט. און בחפזון'דיג א פרעג געטאן: — וואו איז ער?

איך האב אויסגעפונען אז ער וועט זיין אין אוועגט ביי מר. מאשקאוויטש, איך האב אהין ניט געברויכט קיין ספעציעלע איינ־לאדונג, און איך האב אנגעגורט מיינע לענדען און בין אוועק.

ס'איז שוין דארטען געווען די גאנצע סמעטענע פון שטעטעל און אויך אביסעל זויער מילך, עס זיינען געווען אידען פון אלע מנים: געבילדעטע און איינגעבילדעטע, עס זיינען געווען בוד אידען, — אייניקלאך פון עם־הספר, און פאקעט־בוד אידען, — יורשים פון קרח. און גלאט אידען פון א גאנץ יאהר, עס זיינען געווען מעהרסטע צאהל ציוניסטען. וואס זיינען שטאל און אייזען פאר ציון, א סך וואס ביי א „יומא דפגרא' קען מען צוציהען, און אויך עטליכע וואס מ'האט געמעגט שוין לאנג ארויסציהען...

די איינדריקע פון יעדער מענשען זיינען פארשידען.

ס'האט מיך דערפאר ניט שטארק אינטערעסירט דער איינדרוק, וואס ער האט געמאכט אויף קאלגארי. ס'האט מיך כלל ניט גע־קימערט, צי זיי גלייכען זיין בארד אדער אויב זיי דענקען אז ער טראגט זיין „נעקטיי" לויט דער לעצטער מאדע... ס'האט מיך אפילו ניט פאראינטערעסירט צו וויסען אויב ער טראגט איין ארבע כנפות, און אויב ער לייגט צוויי פאר תפילין...

וואס עס האט מיך אינטערעסירט, איז בעאבאכטען דעם גאסט, ווי ער איז געזעסען ביים טיש און האט גענומען „סטאק" פון קאל־גאריער פני. ווי ריכטיג ער האט זיי געסארטירט און „געלויבעלט". ער האט יעדען „ספעסימען" געקענט און ווי א געניטער פסיכאלאג

גוט פארשטאנען. ער האט זיך געהאלטען אביסעלע פון דערווייטענס און מיט זיין אנטערליכען אויסזעהען האט ער געמאכט דעם איינ־דרוק פון איין אריסטאקראט. עס איז אבער געווען ניט ריכטיג ער איז א געבארענער אריסטאקראט און זיין אריסטאקראטי איז אזוי נאטירליך צוזאמען געמישט און פארשמאלצען מיט דעמאקראטיע. אז איהר ווייסט ניט וואו עס פאנגט זיך אן איינע, און וואו עס ענדיגט זיך די צווייטע.

אויף מארגען האט ער מיך געבעטען קומען אין האטעל און נאך דינער איז אהין אויך געקומען לאיער גינזבורג און הערר גרינ־קער דער פרעזידענט פון קאלגארי'ר ציוניסטען. **די פראגע איז גע־**וועז, אויב מאסינזאן זאל געבען אן אינטערוויו די לאקאלע צייטונ־גען, און ס'איז באשלאסען געווארען ביי אונז, אז מ'דארף עס טאן אוים העפליכקייט און אויך אוים אויפצוהויבען דעם פרעסטיזש פון די קאלגאריער אידען. נאר מיט דעם באדינג, אז מ'זאל אונז צייגען אפרוף פון דעם אינטערוויו, און די רעפארטערס זאלען ניט צו־לעגען זייערע אייגענע הסברות...

עס זיינען געקומען די רעדאקטערע אליין, און דא האב איך געהאט די געלעגענהייט צו זעהען ניט נאר א שטאלצען אקאדע־מישען אידען אדער א אידישען אקאדעמיקער. ווילכער האט נאך ניט פארגעסען א דריי צו טאן מיט'ן גראבען פינגער, נאר אויך א דיפ־לאמאט מיט א הייסער אידישער, ברייטער הארץ און ווארימער נשמה... די אונטערוויו האט גענומען א שטונדע. די קריסטען זיי־נען אבער געזעסען דעם גאנצען נאכמיטאג, ניט אכטענדיג וואס די אווענט אויסגאבע פון שבת האט זיכער געדארפט האבען זייער אויפפאסונג, מ'האט געזעהען אז עס ווילט זיך זיי ניט אוועק־געהן.

באלד 48 שטונדען זיינען מיר געווען צוזאמען. צוויי טעג פאר־בראכט, און גערעט און געפרעגט און געענטפערט. טויזענדער פרא־גען זיינען געבליבען ניט געפרעגטע, טויזענדער געדאנקען ניט גע־ענדיגטע, די צייט איז געווען צו קורץ. אבער איך האב געזעהען דר. מאסינזאן און איך בין צופרידען....

---

# עדמאָנטאָן

אין דער ניט לאַנגער פאַרגאַנגענהייט האָט מען עדמאָנטאָן גע־רעכענט אַלס די הויפּט שטאָט פון נאָרט פּאָול. ווען איך וואָלט מיט דרייסיג יאָהר צוריק געדאַרפט אהין פאָהרען, וואָלט איך זיך קודם כל אָפּגעזעגענט מיט אַלע גוטע פריינד, געגעבען מיין אידע־נע א תנאי־גט, און ווען איך וואָלט ווי דורך א נס געקומען צוריק, וואָלט איך געדאַרפט געהן אין שול און גומל בענשען, ווי א מענש וואָס קומט פון מרחקים...

איצט האָב איך פאַרשפּאַרט דעם גאַנצען „טאַראַראַם". איך האָב נאָר פאַרבאַקט מיין טשעמאָדאַנטשיק אריין אין א „סי פּי אר" שלאָף וואַגאָן, און דער שוואַרצער פּאָרטער האָט מיך אויפגעוועקט אויף מאָרגען אין דער פריה אין עדמאָנטאָן.

ס'איז אמת אז עדמאָנטאָן האָט ניט קיין פאַרגאַנגענהייט, זי האָט אָבער איין אויסערגעוועהנליכע גלענצענדע צוקונפט.

שטעט און שטעטלאַך אין קענעדא זיינען אויסגעוואַקסען אי־בער א נאַכט, מערסטענס אָבער זיינען זיי פאַרבליבען ביי זייער וואוקס. עדמאָנטאָן אָבער איז ניט פאַרבליבען „סטיישיאָנערי". ס'איז ניט געבליבען שטעהן אויף איין אָרט, נאָר מיט ריזיגע, גי־גאַנטישע שריט געגאַנגען פאָרווערטס אויף אַלע געביטען. איצט איז עס ניט נאָר די הויפּט שטאָט פון דער „זון שיינענדער" פּראָ־ווינץ אַלבערטאַ, נאָר אויך די מאָדערנסטע שטאָט אויף דיזען קאָנ־טינענט.

פון א קליין און אומבאַדייטענדען ישוב איז דעם יאָהר 1991 מיט א באַפעלקערונג פון 3167 נפשות איז עס געוואַקסען ביז 75 טויזענד מענשען אין 1916. מיט פּראַכטפולע הייזער, הויכע „הימעל קראַצער" און שעהנע ברייטע געאַספאַלטע גאַסען. דעם ערשטען „אימפּעטוס" פון איהר שנעלען וואוקס, האָט איהר אַז צווייפעל געגעבען דער „קלאָנדייק ראַש" אין דעם יאָהר 1897, און פון דאַן איז זי געוואַקסען ווי אויף הייוועז.

עדמאָנטאָן האָט 26 באַנקיער הייזער. 21 שעהנע פּראַכט־פולע, מאָדערנע סקוהלס, 150 פעקטאָריעס, 4 קאָלעדזשעס, 1 או־

ניווערזיטעט, 30 קויהלען גריבער, 890 אקער אין פארקס, (וואס באלאנגט צום שטאט) 140 מייל סיידוואקס, 32 מייל אספאלט פייווינג. 3 טראנס־קאנטינענטאל אייזען באהן ליניעס, 10 ברענ־משעס, 30 פאסאזשיר צוגען קומען אריין טעגליך, און 5 נייע אייזען באהן ליניעס האלטען זיך אין בויען וועלכע וועלען עפענען 40 מיליאן אקער פרוכטבארעס לאנד און פיעס ריווער דיסטריקט, מיט פיש, אויל, גאז, קוילען, מינעראלען, און געהילץ וועלכע עס איז אוממעגליך אפצושאצען ווייל דער דיסטריקט איז אומגעהייער רייך אין רויע מאטעריאלען און נאטירליכע רייכטימער.

דאס אלעס איז געשאפען געווארען אין די לעצטע צוואנציג יאהר.

איך בין דורכגעגאנגען דעם אוניווערזיטעט, ס'הייסט איך האב איהם באזוכט ס'איז א הערליכע געביידע ביים ברעג פון סאסקא־משעוואן ריווער. דער „קארפוס" באשטעהט פון 258 אקער לאנד מיט א „פראנטיידזש" פון 2100 פוס.

ס'איז ערשט אכט יאהר ערעפענט. עס האט 30 לעהרער און אריבער 600 תלמידים, וועלכע שטודירען: ארטס סייענס, מעדיצין און יוריספרודענץ מאדערנע לאבאראטאריעס פאר ביאלאגיע, גע־אלאגיע, מינעראלאגיע, הידראליקס און פיזיקס געפינען זיך אין אוניווערזיטעט צוזאמען מיט אן אויסגעצייכענטער ביבליאטעק פון א צוועלף טויזענד ביכער איבער פארשידענע וויסענשאפטען.

טעלעפאן, וואסער־לייטונג, עלעקטרישע קראפט און באלייכ־טונג זיינען שטאט־אייגענטום.

די טעלעפאן סיסטעמע איז א מאדערנע, און ווערט אפערירט אויטאמאטיש, דורך א רעדעל מיט נומערען, אנשטאט צו רינגען און בעטען סענטראל מ'זאל אייך געבען דעם נומער טעלעפאן וועל־כען איהר דארפט. טוט איהר עס אליין מיט די נומערען פון דעם אויטאמאטישען רעדעל. און עס קאסט בלויז צוואנציג דאלער א יאהר פאר א טעלעפאן אין א פריוואט הויז. די באלייכטונג און וואסער לייטונג זיינען אויך פיעל בילינער ווי אין אנדערע שטעט.

די אידישע באפעלקערונג איז זעהר א פריינדליכע און א מכניס אורח'שע אין גאנצען זיינען דארטען דא א 200 אידישע

פאמיליען פון וועלכע עס זיינען מעהרסטענס סוחרים און האנד־ווארקער. זיי האבען א שעהנע פראכטפולע שול, א פרויען פאר־איין, וואס גיט זיך אפ מיט טשאריטי א אידישער קלוב פאר סאָ־ציאלע ליטערארישע אידיש קולטורעלע צוועקען. א ציוניסטישע ארגאניזאציאן, און נאך אנדערע אידישע ארגאניזאציאנען ווי בני ברית און אזוי ווייטער. די גאנצע אידישע באפעלקערונג איז א פראגרעסיווע און לעבען זיך גאנץ אחדות'דיג. זיי ארבייטען אלע זעהר ענערגיש צו זאמלען געלט פאר די מלחמה קרבנות און שיקען באדייטענדע סומען צום הילפס פאנד.

ליידער האב איך דאס מאל ניט פארבראכט לאנג אין עדמאנ־טאן און האב זיך נאר געקענט זעהען מיט עטליכע אידען, און בין נאך דעם זעלבען אווענט געפאהרען קיין לעטברידזש.

---

## לעטברידזש.

(א באגעגעניש מיט א קענעדער דיכטעריןֹ)

א געפאקטער וואגאן. אלע פלעצער זיינען פארנומען, בלויז איין האלבע באנק אין ווינקעל פון וואגאן איז ליידיג. עס הייסט אין גאנצען לעדיג איז עס ניט, אויף איין האלבער באנק איז גע־זעסען א פרוי פון א יאהר דרייסיג און לעבען איהר, אויף דער אנ־דער האלב באנק, איז געווען אנגעלעגט, אדער בעסער געזאגט אנ־געווארפען אין אומארדנונג פעקלאך, קעסטעלאך, מאגאזינס און צייטונגען.

די פרוי האט געצויגען מיין אויפמערקזאמקייט מיט איהר העס־ליכען אויסזעהן און מיט איהר נאכלעסיגקייט, ס'איז עפעס אויף איהר אלעס געהאנגען ווי א זאק אויף א „סטראשידלע". זי איז געווען א קאריקאטור קאמבינאציע פון אן אלטער מויד און א „מיליטענט סאפערדזשעטקע": — הויך, דאר שווארץ מיט א געלען געזיכט, ווי אן אויסגעדארטע לימענע, א זויערער געזיכט מיט א שפיצינער מארדע און א לאנגען נאז, וואס האט איהר געגעבען דעם אויסזעהען פון א ווארענע.

שטעלט זיך פאר מיט וואס פאר א הארץ איך בין צוגעגאנ־
גען בעטען ערלויבעניש צו זעצען זיך לעבען איהר...

מ'זאגט, אז יעדער מענש איז א דרייאייניגקייט אט למשל מיין
ווייב און עטליכע גוטע פריינד גלויבען נאך אלץ, אז איך בין א
מלאך: פארקעהרט, ווען איך זאל האבען שונאים, דאס הייסט
ווען איך זאל זיין א גדול און וואלט געהאט שונאים וואלטען זיי
זיכער געזאגט, אז איך בין א טייפעל, אין דער אמת'ן בין איך אן
איינפאכער בשר ודם, מיט א שטארקען חסרון, וואס איך וויל
א מאל שרייבען פאר א אידישער צייטונג. און פון דעסטוועגען,
וואס מיינע פריינד אדער פיינד זאלען אויף מיר ניט אויסטראכטען,
וועלען זיי מוזען אלע צוגעבען, אז איך בין זעהר א העפליכער מענש
און נאטירליך האט פון מיר די קאנווענציאנאלע עטיקעטע געפאד־
דערט, איך זאל צוגעהן צו דיזער דאמע, מיט שטארקער הכנעה
אראפנעמען מיין 95 סענטיגען קאפעליוש און פרעגען:
מאדאם, איז דיזער פלאץ פארנומען?

אויב זי זאגט, אז עס איז פארנומען, מעג איך אפילו זיכער
וויסען, אז זי זאגט א ליגען, דארף איך זיך, אלס העפליכער קאנ־
ווענציאנעלער מענש ווידער פארנייגען און זאגען: „דאנק, מאד־
דאם!" און אוועקגעהן.

באטראכטענדיג אבער די בריאה האב איך אין גאנצען פאר־
געסען אז איך האב א קאפעליוש, אז איך בין א דזשענטעלמאן,
און האב זי איינפאך נעפרעגט אויב איך קען זיך זעצען נעבען
איהר. איך וויים, אז אלע מענער וועלען מיך אסור באשולדיגען
פאר דיזער אומהעפליכקייט, ווארים צווישען אונז ריידענדיג, וועל־
כער מאנסביל איז עס העפליך געגען א מיאוס'ער מיידעל אדער
ווייבעל, אונז מענער קען אפילו ווייבערשער שכל נאר דאן געפעלען
ווערען, ווען עס ליגט אין א שעהנעם קאפ, קוקט ארוים פון שעהנע
לעבעדיגע אויגען און איז געקרוינט מיט גילדערנע לאקען. עס מעג
זיך זיין אפילו „פעראקסייד" בלאנד...

צו מיין ערשטוינען איז דאס זויערע געזיכט אילומנירט גע־
ווארען מיט א זיסען שטראהלענדען שמייכעל, זי האט גוטמוטיג

געענטפערט אז דער פלאץ איז ניט פארנומען און האט גלייך גע־נומען אפראמען פאר מיר א פלאץ.

דער שמייכל איז מיר געפעלן געווארן. עס האט גע־שטראלט מיט ווארימקייט, פריינדשאפט און צערטליכקייט. עס איז געווען ניט קיין געצוואונגענער, קאלטער אומנאטירליכער שמיי־כל, וואס ווערט איינגעשטודירט שטעהענדיג לעבן א שפיגל און בלויז פאר עפעקט. ס'איז געווען א נאטירליכער זיסער און איינ־גענעהמער שמייכל, וואס האט געשיינט און געווארימט ווי א זונען שטראהל אין זומער.

איך האב זיך פארגעשטעלט און פארפירט א געשפרעך. עס האט זיך ארויסגעצייגט, אז זי איז גראדואירט פון טאראנטאר או־ניווערזיטעט אלס „באטשעלאר אף ארטס". ווען זי האט אויסגע־פונען אז איך בין א איד, האט זי זיך געווענדעט צו מיר מיט דער פראגע: — „ווארום אידישע קינדער בייטן זייערע אידישע נע־מען?"...

— „איך קען דאס ניט פארשטעהן פאר וואס זיי טוען עס", האט זי פארטגעזעצט: „אט נעמט אלע אידישע נעמען און זעהט ווי אידישע קינדער פארקריפלען זיי, און מאכען פון זיי א תל, פון דוד ווערט „דייוו" פון יעקב ווערט „דזשעק" פון אסתר ווערט אידיט אדער „עספירא" און אזוי ווייטער...

— איך האב דארויף געענטפערט מיט דער פראגע פון שעקס־פיער: — „ווהאט איז אין א ניים?"...

— איך וועל צייגען וואס עס מיינט א נאמען, האט זי באַ־גייסטערט מיר געענטפערט. ווען איך הער אז מ'רופט איינעם דוד, שטעלט מיר פאר מיין פאנטאזיע א קעניגליכען פאעט, א דיכטער, א מוזיקער, דעם פערפאסער פון תהילים און ווען איך הער דעם נאמען „דייוו", קען איך זיך נאר פארשטעלען א סטייבעל באי, א ניוס באי א שאפער אדער א בראנקא באסטער. דער נאמען יעקב, פרישט אף אין מיינע זכרונות א ביבלישען העלד אז עכטען דזשענטעלמאן, וואס האט געליעבט טריי, ליעבע און ראמאנס, האט געשקלאפט פערצעהן יאהר פאר זיין געליעבטע, טרייהייט, ליעבע און איבערגעבענהייט, דאס אלעס דערמאנט מיר דער נאמען. אבער

„דזשעק“? — פי! עפּעס א פעטער אפּגעפּרעסענער סאלון־קיפּער אדער אן אומגויסענדער גראב בייכיגער פּאליטישען. אט נעמט אלע אידישע נעמען ספּעציעל די ביבלישע יהודית, מרים, רחל, אסתר, יהודה, יוסף משה, שמואל, שלמה, פארגלייכט זיי מיט אונזערע קארופּטירטע נעמען. איהר אלס אידישע קינדער האט נעדארפט האבען דעם גרעסטען רעספּעקט, מעהר איהר האט געדארפט שטאלצירען, מיט דיזע פּאעטישע נעמען, זיי זיינען דאך אייערע, און זיי עראינערען דאך אזוי פיעל, אזוי פיעל. פאר וואס שעהמט איהר זיך מיט זיי, פאר וואס פארבייט איהר אייער שעהנעם יחוס אויף שמאטעס?...

איך האב ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען, האפענטליך וועט אונזער נאציאנאלער באוואוסטזיין אין דער צוקונפט פארענטפערען צווישען פיעלע אנדערע פראגען אויך די פראגע.

איך האב מיט באדויערען פארלאזען מיין קאמפּאניאנקע. איהר נאמען איז מיס מק'אללי, זי איז א באדייטענדע זשורנאליסטין און דיכטעריז, איהרער א בוך פון פּאעמען, וועלכען זי האט מיר צוגעשיקט, האט ארויסגערופען באגייסטערטע לויב געזאנגען. פון פיעלע קריטיקער.

## מעדיסין־העט.

די נאטור איז קארג. ווען איהר באטראכט אבער מעדיסין־העט וואלט איהר געזאגט אז די נאטור איז א גוואלדיגע וואטרענקע. אדער מעדיסין־העט איז געווען איינע פון די פּלעצער וואו אין איהר קארגשאפט האט די נאטור באהאלטען אביסעל פון איהרע אוצרות און א „סי פּי אר' סורווייער האט געפונען דיזען רייכטום און געבויט אויף דעם פּלאץ לזכרון א שטעטעל.

רייך איז דער אומגעגענד אין אגריקולטור, קויהלען און גאז. גאז שפּראצט דארט פון דער ערד אזוי פיעל און איז אזוי ביליג, אז מיט רעכט רופט מען מעדיסין־העט די פּיטסבורג פון קענעדא.

מ'הייצט מיט גאז, מען באנוצט עס אלס קראפט אין מאנופאקטור אנשטאט עלעקטריק, און אויך אלס באלייכטונג. די פּא־

נארען ברענען דארטען ווי א נר תמיד. פון דעם ערשטען טאג אז וואס מ'האט זיי אנגעצונדען ביי טאג און ביי נאכט, יאהר איין יאהר אויס: ס'איז ביליגער צו לאזען עס ברענען כסדר איידער אנדינגען א מענשען עם אויסלעשען און ווידער אנצינדען.

ווי די מעהרסטע צאל שטעט און שטעטלאך אין מערב קענעדא זיינען זיי ערשט אויסגעוואקסען נאך דעם וואס די „סי פי אר" האט זיך אויסגעבויט. און מעדיסין־העט האט זיך דערפאר אויסגעבויט ארום דעם באנהויף פון ביידע זייטען אייזענבאהן מאכענדיג דעם „סטיישאן" פאר'ן מיטעל־פונקט. עס קוקט אויס ווי דער אייזענבאהן וואלט מיט שטאל איבערגעשניטען דעם שטע־טעל אויף צווייען.

די סאוט זייט איז געווארען דער אויבען־אן. די ביזנעס זייט פון מעדיסין־העט, און דארטען האבען זיך באזעצט די עטליכע אידישע פאמיליען וואס געפינען זיך אין שטאט. זיי זיינען אלע אן אויסנאם סוחרים און פינאנסיעל אזוי גוט אפ אז זיי פארדינען כשר דעם נאמען „אל־רייטניקעס".

קיין שול און קיין שוחט איז נאך דארטען דערוויל ניטא. דערפאר אפשר איז עס דארטען ביי זיי אזוי אחדות'דיג, אזוי פריינדליך און אזוי אחוה ורעות'דיג. זעלבסט פארשטענדליך ני־טא קיין שול שלאגט מען זיך ניט פאר עליות. מ'פאטשט זיך ניט צו הקפות, מען זידעלט זיך ניט פאר פרעזידענט. ניטא קיין שוחט און עס איז פארשפארט ארומצורייסען זיך לשם שמים. אי וואס ס'איז ניטא קיין כשר פלייש שיקט מען עס צו פאר די מקפידים פון לעטברידזש און די מערסטע צאהל פאטראנייזען „האם אינ־דוסטרי"...

רייך איז די אידישע באפעלקערונג אין געלט און ארים אין אידעאלען. דאכט זיך גרינע אידען ערשט ניט לאנג אריבערגע־קומען פון רוסלאנד נאך געדארפט אין זיך האבען א ניצוץ פון דעם רוסישען אידעאליזם. דאכט זיך נאך גאר ג ר י נ ע אידען און שוין אזוי שנעל פ א ר ג ע ל ט געווארען. ווענען ערציהען קינ־דער אין א נאציאנאלען גייסט איז אפגערעט ניטא קיין תלמוד תורה און ניטא קיין מלמדים.

אזוי לעטארגיש פארשלאפען דוכט זיך אין גאנצען אפגע־שטארבען, עס קלאפט נאך אבער דאס הארץ. גייסטיג פארשלא־פען אבער עס טליעט נאך א פונק, עס האט נאך געפיהל... וואס פאר א ווידערשפרוך איז די אידישע נשמה וואס פאר א פאראדאקס, וואס פאר א אומערקלעהרליכע און אומבאגרייפבארע רעטעניש. מאנט דעם אידען פאר'ן ענל ער גיט מאנט איהם פאר'ן משכן און דער אידישער דאלאר איז אויך דא. ניטא קיין אינטערעס אין נאציאנאליזם אבער דער אידישער געפיהל פון רחמנות איז ניט אפגעשטארבען. דער קרעכץ, דער הארץ־זיפץ פון די מלחמה קרבנות, וואס גרייכט ביז'ן וואלקען און שפאלט דעם הימעל, דער־גרייכט אויך מעדיסין־העט און רופט זיך אפ אין דער אידישער הארץ, און פון צייט צו צייט שיקען זיי געלט פאר'ן רעליעף, ס'איז אבער צייטענווייז און ניט רעגעלמעסיג. די הילפס־ארבייט איז ניט קיין ארגאניזירטע און אבוואהל זיי שיקען מיט א מאל א נרויסע סומע האט מען אבער קיינמאל ניט געקענט וויסען ווען עס וועט אנ..מען א צווייטע סומע געלט פון מעדיסין העט, און וויפיעל די סומע וועט באטרעפען...

איך האלט פון דעם אז א דאלאר א מאנאט איז בעסער ווי צעהן דאלאר איין מאל אין יאהר. און איך האב באשלאסען צו פארבלייבען אין מעדיסין־העט אויף א זונטאג און ריידען מיט די ווייבער. — די מענער זיינען צו באשעפטיגט און איך בין אלגע־פאלס א מאמין אין דער פרוי'ס סענטימענט. די פרויען זיינען מעהר אידעאליסטיש ווי די מענער. א הארץ פון א פרוי איז דאס ווינעלע פון אידעאליזם און דער געסט פון רחמנות. איהר נשמה איז מעהר מסוגל צו באגרייפען א קרעכץ און פיהלען דעם טיעפען וועה פון א זיפץ...

